


# שטערן

ליטעראריש-
קינסטלערישער
און פּאָליטיש-
וויסנשאפטלעכער
כוידעש-
זשורנאל

12

מינסק — 1937

## אינהאלט

פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, פאַראייניקט זיך!

# שטערן

№ 12 דרײַצנטער יאָרגאַנג 1937 דעקאַבער

אָרגאַן פון פאַרבאַנד סאָוועטישע שרײַבער פון ווססר

## רעדע פון כאַווער י. וו. סטאַלין

## אַפ דער פאָרוואַל-פאַרזאַמלונג פון די וויילער פון סטאַלינער וואַל-קרײַז פון שטאָט מאָסקווע

### דעם 11-טן דעקאַבער 1937 יאָר אין גרויסן טעאַטער

פאָרזיצנדער. א וואָרט ווערט פאָרגעשטעלט אונדזער קאַנדידאַט דעם כאַווער סטאַלין.

דאָס באַווײַזן זיך פונעם כאַווער סטאַלין אַפ דער טריבונע ווערט באַגעגנט דורך די וויילער מיט א שטורעם פון אָוואַציעס, וועלכער דויערט עטלעכע מינוט. דער גאַנצער זאַל פון גרויסן טעאַטער באַגריסט שטייענדיק דעם כאַווער סטאַלין. פון זאַל לאָזן זיך הערן אָן אופהער אויסרופן: „זאָל לעבן דער גרויסער סטאַלין, הוראַ!“, „דעם שעפער פון דער סאַמע דעמאָקראַטישער אין דער וועלט סאָוועטישער קאָנסטיטוציע, דעם כאַווער סטאַלין, הוראַ!“, „זאָל לעבן דער פירער פון די אונטערדריקטע פון גאָר דער וועלט דער כאַווער סטאַלין, הוראַ!“

סטאַלין. כאַווײרים, דעם עמעס געזאָגט האָב איך ניט געהאַט בעדייע אַרויסצוטרעטן. אָבער אונדזער כאָשעווער ניקיטאַ סערגייעוויטש האָט מיך, קאָן מען זאָגן, מיט גוואַלד געבראַכט צו שלעפּן אַהער, אַפ דער פאַרזאַמלונג: האַלט, זאָגט ער, א גוטע רעדע. וועגן וואָס זאָגן, וואָס אײַגנטלעך פאַר א רעדע? אַלץ, וואָס עס איז נייטיק געווען צו זאָגן פאַר די וואַלן, איז שוין געזאָגט און איבערגעזאָגט געוואָרן אין די רעדעס פון אונדזערע אָנפירנדיקע כאַווײרים קאַלינין, מאָלאָטאָוו, וואָראָשילאָוו, קאַגאַנאָוויטש, יעזשאָוו און פון פיל אַנדערע פאַראַנטוואָרטלעכע כאַווײרים. וואָס קאָן מען נאָך צוגעבן צו די דאָזיקע רעדעס?

עס פאָדערן זיך, זאָגט מען, דערקלערונגען איבער אייניקע פראַגן פון דער וואַל-קאַמפּאַניע. וואָסערע דערקלערונגען, איבער וועלכע פראַגן? אַלץ, וואָס עס איז נייטיק געווען צו דערקלערן, איז שוין דערקלערט געוואָרן און נאָכאַמאָל דערקלערט געוואָרן אין די באַוווּסטע ווענדונגען פון דער פּאַרטיי באָלשעוויקעס פון קאָמיוג, פונעם אַלפאַרבאַנדישן צענטראַל-ראַט פון די פראָפעסיאָנעלע פאַראייניקונגען, פון אַלפאַרבאַנדישן צענטראַל-ראַט פון די פראָפעסיאָנעלע פאַראייניקונגען, פונעם קאָמיטעט איבער די אָנגעלעגנהײַטן פון פיזקולטור. וואָס קאָן מען נאָך צוגעבן צו די דאָזיקע דערקלערונגען?



געוויס, מע וואָלט געקאָנט האלטנ אזא מינ גרינגע רעדע וועגנ אלצ אונ וועגנ גאָרנישט (א גרינגער געלעכטער). מעגלעכ, אז אזא רעדע וואָלט פאַרווײַלט דעם עוילאָם. מע זאָגט, אז מײַסטערס אפ אזוינע רעדעס זײַנענ פאראנ ניט בלויז דאָרטנ, אינ די קאפיטאליסטישע לענדער, נאָר אויכ בא אונדז, אינ סאָוועטנלאנד (געלעכטער, אפלאָדיסמענטנ). אָבער, ערשטנס, בינ איכ ניט קײנ מײַסטער אפ אזעלכע רעדעס. צווייטנס, צי לוינט אונדז צו פארנעמענ זיכ מיט זאכנ פונ פארווײַלונג איצט, ווענ בא אונדז אלעמענ, באָלשעוויקעס, איז, ווי מע זאָגט, „ארבעט איבערנ קאָפּ". איכ מיינ, אז עס לוינט ניט.

ס'איז קלאָר, אז בא אזעלכע באדינגונגענ וועסטו קײנ גוטע רעדע ניט האלטנ.

אונ פונדעסטוועגנ, וויבאלד איכ בינ ארויס אפ דער טריבונע, קומט אויס, פארשטייט זיכ, אזוי אָדער אנדערש זאָגנ כאָטש וואָס ניט איז (רוישיקע אפלאָדיסמענטנ).

פריִער פונ אלצ וואָלט איכ וועלנ אויסדריקנ א דאנק (אפלאָדיסמענטנ) די ווײלער פארנ צוטרוי, וועלכנ זיי האָבנ ארויסגעוויזנ (אפלאָדיסמענטנ).

מע האָט מיכ ארויסגעשטעלט אלס קאנדידאט אינ דעפוטאטנ, אונ די וואל־קאָמיסיע פונ סטאלינער קרײַז פונ דער סאָוועטישער הויפט־שטאָט האָט מיכ פארערגיסטרירט אלס קאנדידאט אינ דעפוטאטנ. דאָס איז, כאוויירים, א גרויסער צוטרוי. דערלויבט אויסצודריקנ אײַכ א טיפנ באָלשעוויסטישנ דאנק פאר יענעם צוטרוי, וועלכנ איר האָט ארויסגעוויזנ דער פארטיי באָלשעוויקעס, וואָס איכ בינ אירער א מיטגליד, אונ פערזענלעכ מיר, אלס פאָרשטייער פונ דער דאָזיקער פארטיי (רוישיקע אפלאָדיסמענטנ).

איכ וויס, וואָס באטײַט צוטרוי. ער לייגט, נאטירלעכ, ארופ אפ מיר נײַע, צוגאָבלעכע פליכטנ אונ, הייסט עס, א נײַע, צוגאָבלעכע פאראנטוואָרטלעכקײַט. איז וואָסזשע, בא אונדז, בא באָלשעוויקעס, איז ניט אָנגענומענ אָפּצוזאָגנ זיכ פונ פאראנטוואָרטלעכקײַט. איכ נעמ זי אָנ גערנ (שטורמישע, לאנגדויערנדיקע אפלאָדיסמענטנ).

פונ מײַנ זײַט וואָלט איכ וועלנ פארזיכערנ אײַכ, כאוויירים, אז איר קאָנט דרייסט פארלאָזנ זיכ אפנ כאווער סטאלינ (א שטורמישע לאנגדויערנדיקע אָוואציע, א נ אויסרופ פונ זאל: „אונ מיר אלע נאָכנ כאווער סטאלינ!"). איר קאָנט אויסרעכענענ אפ דעם, אז דער כאווער סטאלינ וועט קאָנענ אויספילנ זײַנ כויוו פארנ פאָלק (אפלאָדיסמענטנ), פארנ ארבעטער־קלאס (אפלאָדיסמענטנ), פארנ פויערטומ (אפלאָדיסמענטנ), פאר דער אינטעליגענצ (אפלאָדיסמענטנ).

ווײַטער, איכ וואָלט וועלנ, כאוויירים, באגריסנ אײַכ מיטנ אָנקומענדיקנ אלפאָלקישנ יאָנטעוו, מיטנ טאָג פונ די וואלנ אינ אויבער־ראט פונ סאָוועטנפארבאנד (רוישיקע אפלאָדיסמענטנ). די פאָרשטייענדיקע וואלנ דאָס זײַנענ ניט פּאָשעטע וואלנ, כאוויירים. דאָס איזווירקלעכ אנ אלפאָלקישער יאָנטעוו פונ אונדזערע ארבעטער, פונ אונדזערע פויערים, פונ אונדזער אינטעליגענצ (שטורמישע אפלאָדיסמענטנ). קיינמאָל זײַנענ נאָכ אינ דער וועלט ניט געווענ אזעלכע ווירקלעכ פרײַע אונ ווירקלעכ דעמאָקראטישע וואלנ, קיינמאָל ניט! די געשיכטע וויס

ניט נאָך אזוא בײַשפּיל (א פּ ל אָ ד י ס מ ע נ ט נ). די זאַכ גײט ניט אינ דעמ, װאָס בא אונדז װעלנ זײַנ װאלנ אלגעמײנע, גלײַכע, געהײמע אונ דירעקטע, כאָטש שוינ דאָס אנונפארזיכ האָט א גרויסע באַדײַטונג. די זאַכ גײט אינ דעמ, װאָס די אלגעמײנע װאלנ װעלנ בא אונדז דורכגעפירט װערנ, װי די אמערסטנ פרײַע װאלנ אונ אמערסטנ דעמאָקראַטישע אינ פארגלײַכ מיט די װאלנ פונ יעטװידער אנדער לאַנד אינ דער װעלט.

אלגעמײנע װאלנ קומענ פאָר אונ האָבנ אנ אָרט אויכ אינ אײניקע קאַפּיטאַליסטישע לענדער, אזוי גערופענע, דעמאָקראַטישע. אָבער אינ װאָס פאר אנ אומגעבונג קומענ דאָרטנ פאָר די װאלנ? אינ אנ אומגעבונג פונ קלאַסנ-צוזאַמענשטויסנ, אינ אנ אומגעבונג פונ קלאַסנ־סינע, אינ אנ אומגעבונג פונ דרוק אפ די װײלער מיצאַד די קאַפּיטאַליסטנ, פּריצימ, באַנקירנ אונ אנדערע רויב־פיש פונ קאַפּיטאַליזמ. מע קאָנ ניט אָנרופנ אזעלכע װאלנ, אפילע אויב זײ זײַנען אלגעמײנע, גלײַכע, געהײמע אונ דירעקטע, פאר פולשטענדיק פרײַע אונ פולשטענדיק דעמאָקראַטישע װאלנ.

בא אונדז, בא אונדז אינ לאַנד, פאַרקערט, קומענ פאָר די װאלנ אינ גאָר אנ אנדער אומגעבונג. בא אונדז זײַנען ניטאָ קײנ קאַפּיטאַליסטנ, ניטאָ קײנ גוטבאַזיצער, אלזאָ, איז אויכ ניטאָ קײנ דרוק מיצאַד די פארמעגלעכע קלאַסנ אפ די ניט־פארמעגלעכע. בא אונדז קומענ פאָר די װאלנ אינ דער אומגעבונג פונ מיטארבעט פונ די ארבעטער, פּויערימ, פונ דער אינטעליגענץ, אינ דער אומגעבונג פונ זײער קעגנזײַטיקנ צוטרוי, אינ דער אומגעבונג, װאָלט איכ געזאָגט, פונ קעגנזײַטיקער פרײַנטשאַפט, דערפאר, װײַל בא אונדז זײַנען ניטאָ קײנ קאַפּיטאַליסטנ, ניטאָ קײנ גוטבאַזיצער, ניטאָ קײנ עקספּלואַטאַציע אונ ס'איז ניטאָ, אײגנטלעכ, װער עס זאָל דריקנ אפנ פאָלק, כדי צו פארקריפּלענ זײַנ װילנ.

אָט פארװאָס אונדזערע װאלנ זײַנען די אײנציקע װירקלעכ פרײַע אונ װירקלעכ דעמאָקראַטישע אינ גאָר דער װעלט (ר ו י ש י ק ע א פּ ל אָ ד י ס מ ע נ ט נ).

אזעלכע פרײַע אונ װירקלעכ דעמאָקראַטישע װאלנ האָבנ געקענט אנטשטײנ בלויז אפנ באָדנ פונעמ טריומף פונ דער סאָציאַליסטישער אָרדענונג, בלויז אפ דער באַזע פונ דעמ, װאָס בא אונדז װערט דער סאָציאַליזמ ניט פּאָשעט געבויט, נאָר ער איז שוינ ארײַנ אינ שטײגער, אינ דעמ אלטעגלעכנ שטײגער פונ פאָלק. מיט א יאָר 10 צוריק װאָלט מענ געקאָנט דיסקוטירנ װעגנ דעמ, צי קאָנ מענ בא אונדז בויענ דעמ סאָציאַליזמ אָדער ניט. איצט איז דאָס שוינ ניט קײנ דיסקוטיר־פראַגע. איצט איז דאָס א פראַגע פונ פאַקטנ, א פראַגע פונ לעבעדיקנ לעבנ, א פראַגע פונ שטײגער, װעלכער דרינגט דורכ דאָס גאַנצע לעבנ פונ פאָלק. אפ אונדזערע פאבריקנ אונ זאַװאָדנ ארבעט מענ אָנ קאַפּיטאַליסטנ. עס פירנ אָנ מיט דער ארבעט מענטשנ פונ פאָלק. אָט דאָס װערט טאַקע בא אונדז אָנגערופנ סאָציאַליזמ אינ דער פּראַקטיק. אפ אונדזערע פעלדער ארבעטנ די ארבעטס־לײַט פונ דער ערד אָנ פּריצימ, אָנ באַלעגופימ. עס פירנ אָנ מיט דער ארבעט מענטשנ פונ פאָלק. אָט דאָס װערט טאַקע בא אונדז אָנגערופנ סאָציאַליזמ אינ שטײגער, אָט דאָס װערט טאַקע בא אונדז אָנגערופנ א פרײַ, סאָציאַליסטיש לעבנ.

אָט אפ דער דאָזיקער באַזע זײַנען בא אונדז אנטשטאַנענ נײַע, װירקלעכ פרײַע אונ װירקלעכ דעמאָקראַטישע װאלנ, װאלנ, װאָס האָבנ צו זיכ קײנ גלײַכנ ניט אינ דער געשיכטע פונ דער מענטשהײַט.

וויִאזוי זשע זאָל מענ נאָכ דעמ ניט באגריסנ אײַכ מיטנ טאָג פונעמ אלפאָלקישנ טריִומפ, מיטנ טאָג פונ די וואלנ אינעמ אויבער־ראט פונ סאָוועטנפארבאנד! (א שטורמישע אָוואציע פונעמ גאנצנ זאל).

ווײַטער וואָלט איכ וועלנ, כאוויירימ, געבנ אײַכ אנ אייצע, אנ אייצע פונ א קאנדידאט אינ דעפּוטאטנ צו זײַנע ווײלער. אויב מע זאָל נעמענ די קאפּיטאליסטישע לענדער, עקזיסטירנ דאָרטנ צווישנ די דעפּוטאטנ אונ די ווײלער געוויסע אייגנארטיקע, וואָלט איכ געזאָגט, גאנצ מאָדנע באציִונגען. קאָלזמאנ עס גייענ די וואלנ, כײנדלענ זיכ די דעפּוטאטנ מיט די ווײלער, כאנפּענענ זיכ צו זיי, שווערנ אינ טרײַשאפט, גיבנ אָנ א בארג אלערליי צוזאָגנ. עס באקומט זיכ, אז די דעפּוטאטנ זײַנענ פולשטענדיק אָפּהענגיק פונ די ווײלער. ווי נאָר די וואלנ זײַנענ פאָרגעקומענ אונ די קאנדידאטנ האָבנ זיכ פארוואנדלט אינ דעפּוטאטנ,—ענדערנ זיכ די באציִונגען קארדינאל. אָנשטאָט דעמ, אז די דעפּוטאטנ זאָלנ זײַנ אָפּהענגיק פונ די ווײלער, באקומט זיכ זייער פולשטענדיקע אומאָפּהענגיקײַט. אינ משעכ פונ 4 אָדער 5 יאָר, ד. ה., דירעקט ביז די נײַע וואלנ, פילט זיכ דער דעפּוטאט אבסאָליוט פרײַ, אומאָפּהענגיק פונ פאָלק, פונ זײַנע ווײלער. ער קאָנ אריבערגיינ פונ איינ לאגער אינ א צווייטנ, ער קאָנ אָפּקערנ פונעמ ריכטיקנ וועג אפ ניט קיינ ריכטיקנ, ער קאָנ זיכ אפילע פארפּלאָנטערנ אינ אייניקע מאכינאציעס פונ ניט גאָר קיינ אָנשטענדיקנ כאראקטער, ער קאָנ זיכ דרייענ, ווי אימ געפעלט,—ער איז אומאָפּהענגיק.

צי קאָנ מענ האלטנ אזעלכע באציִונגען פאר נאָרמאלע? פאר קיינ פאל ניט, כאוויירימ. דעמ דאָזיקנ אומשטאנד האָט דיסקאָנטירט אונדזער קאָנסטיטוציע אונ זי האָט דורכגעפירט א געזעצ, לויט וועלכנ די ווײלער האָבנ דאָס רעכט אָפּרופנ פארנ טערמינ זייערע דעפּוטאטנ, אויב זיי הייבנ זיכ אָנ צו דרייענ, אויב זיי קערנ אָפּ פונ וועג, אויב זיי פארגעסנ וועגנ זייער אָפּהענגיקײַט פונ פאָלק, פונ די ווײלער.

דאָס איז אנ אויסגעצייכנטער געזעצ, כאוויירימ. דער דעפּוטאט דארפ וויסנ, אז ער איז א דינער פונ פאָלק, זײַנער א שאָליִעכ אינעמ אויבער־ראט אונ ער דארפ זיכ פירנ לויט דער ליניע, לויט וועלכער דאָס פאָלק האָט אימ געגעבנ דעמ אָנזאָג. האָט ער אָפּגעקערט פונ וועג, האָבנ די ווײלער דאָס רעכט צו פאָדערנ באשטימענ נײַע וואלנ, אונ דעמ דעפּוטאט, וואָס האָט אָפּגעקערט פונ וועג, האָבנ זיי דעכט צו געבנ די פור (געלעכטער, אפּלאָדיסמענטנ). דאָס איז אנ אויסגעצייכנטער געזעצ. מײַנ אייצע, די אייצע פונ א קאנדידאט אינ דעפּוטאטנ צו זײַנע ווײלער, איז געדענקענ וועגנ דעמ דאָזיקנ רעכט פונ די ווײלער,—וועגנ דאָס רעכט צו אָפּרופנ פארנ טערמינ די דעפּוטאטנ, אכטונג געבנ אפ זייערע דעפּוטאטנ, קאָנטראָלירנ זיי אונ, אויב זיי וועלנ פארטראכטנ אָפּקערנ פונ ריכטיקנ וועג, אראָפּווארפנ זיי פונ די אקסלענ, פאָדערנ צו באשטימענ נײַע וואלנ. די רעגירונג איז מעכויעוו באשטימענ נײַע וואלנ. מײַנ אייצע איז געדענקענ וועגנ דעמ דאָזיקנ געזעצ אונ אויסנוצנ אימ בא א צופאל.

צולעצט, נאָכ איינ אייצע פונ א קאנדידאט אינ דעפּוטאטנ צו זײַנע ווײלער. וואָס דארפ מענ ביכלאל פאָדערנ פונ די אייגענע דעפּוטאטנ, אויב מע זאָל פונ אלע מעגלעכע פאָדערונגענ נעמענ די אמערסטנ עלעמענטארע פאָדערונגענ?

די ווײלער, דאָס פאָלק דארפנ פאָדערנ פונ זייערע דעפּוטאטנ, אז זיי זאָלנ

פארבלײַבנ אפ דער הייך פונ זייערע אופגאבנ, אז זיי זאָלנ אינ זייער ארבעט ניט אראָפלאָזנ זיכ ביזנ ניוואָ פונ פאָליטישע קליינבירגער, אז זיי זאָלנ פארבלײַבנ אפנ פאָסטנ פונ פאָליטישע טוער פונ לענינישנ טיפ, אז זיי זאָלנ זײַנ פונקט אזוינע קלאָרע אונ באשטימטע טוער, ווי לענינ (אפלאָדיסמענטנ), אז זיי זאָלנ זײַנ פונקט אזוינע אומשרעקבארע אינ שלאכט אונ אומבאראכמאָנעסדיקע צו די סאָנים פונ פאָלק, ווי עס איז געווענ לענינ (אפלאָדיסמענטנ), אז זיי זאָלנ זײַנ פרײַ פונ יעטווידער פאניק, פונ יעטווידער ענלעכקײַט צו פאניק, ווענ די זאכ הייבט אָנ צו ווערנ קאָמפליצירט אונ אפנ האָריזאָנט וואקסט אויס א וועלכע ס'איז געפאר, אז זיי זאָלנ זײַנ פונקט אזוי פרײַ פונ יעטווידער ענלעכקײַט צו פאניק, ווי ס'איז געווענ פרײַ לענינ (אפלאָדיסמענטנ), אז זיי זאָלנ זײַנ פונקט אזוי קלוג אונ ניט-געײַלט באם לייזנ קאָמפליצירטע פראגנ, ווו ס'איז נייטיק אנ אלזײַטיקע אָריענטאציע אונ אנ אלזײַטיקער דיסקאָנט פונ אלע פליוסנ אונ מינוסנ, ווי ס'איז געווענ לענינ (אפלאָדיסמענטנ), אז זיי זאָלנ זײַנ פונקט אזוי עמעסדיק אונ ערלעכ, ווי ס'איז געווענ לענינ (אפלאָדיסמענטנ), אז זיי זאָלנ פונקט אזוי ליב האָבנ זייער פאָלק, ווי ס'האָט אימ ליב געהאט לענינ (אפלאָדיסמענטנ).

צי קאָנענ מיר זאָגנ, אז אלע קאנדידאטנ אינ דעפוטאטנ זײַנענ טאקע אָט אזעלכע טוער? איכ וואָלט דאָס ניט געזאָגט. אלערליי מענטשנ זײַנענ פאראנ אפ דער וועלט, אלערליי טוער זײַנענ פאראנ אפ דער וועלט. פאראנ מענטשנ, וועגנ וועמענ דו וועסט ניט זאָגנ, ווער ער איז, צי איז ער גוט, צי איז ער שלעכט, צי איז ער מוטיק, צי עטוואָס פאכדאָנעסדיק, צי איז ער פארנ פאָלק ביזנ סאָפ, צי איז ער פאר די סאָנים פונ פאָלק. עס זײַנענ פאראנ אזוינע מענטשנ אונ פאראנ אזוינע טוער. זיי זײַנענ פאראנ אויכ בא אונדז, צווישנ די באָלשעוויקעס. איר ווייסט אליינ, כאווײרים, אז ס'איז ניטאָ קיינ מישפאָכע אָנ א קריפל (געלעכטער, אפלאָדיסמענטנ). וועגנ אזוינע מענטשנ פונ אנ אומבאשטימטנ טיפ, וועגנ מענטשנ, וועלכע זײַנענ ענלעכ גיכער אפ פאָליטישע באלעבעסלעכ, איידער אפ פאָליטישע טוער, וועגנ מענטשנ פונ אזא ניט-באשטימטנ, ניט-אויסגעפאָרמירטנ טיפ האָט גאנצ טרעפלעכ געזאָגט דער גרויסער רוסישער שרײַבער גאָגאָל: „מענטשנ, זאָגט ער, ניט קיינ באשטימטע, ניט דאָס, ניט יענצ, וועסט ניט פארשטיינ, וואָס פארא מענטשנ, ניט אינ שטאָט באָגדאנ, ניט אינ דאָרפ סעליפאנ" (געלעכטער, אפלאָדיסמענטנ). וועגנ אזוינע אומבאשטימטע מענטשנ אונ טוער זאָגט אויכ בא אונדז גאנצ טרעפלעכ דאָס פאָלק: „אזוי זיכ א מענטש—ניט פליישיק, ניט מילכיק" (אלגעמיינער געלעכטער, אפלאָדיסמענטנ), „ניט צו גאָט אונ ניט צו לײַטנ" (אלגעמיינער געלעכטער, אפלאָדיסמענטנ).

איכ קאָנ ניט זאָגנ מיט דער פולער זיכערקײַט, אז צווישנ די קאנדידאטנ אינ דעפוטאטנ (איכ אנטשולדיק זיכ זייער פאר זיי, פארשטייט זיכ) אונ צווישנ אונדזערע טוער זײַנענ ניטאָ קיינ מענטשנ, וועלכע זײַנענ ענלעכ גיכער ווי אלצ אפ פאָליטישע באלעבעסלעכ, וועלכע זײַנענ ענלעכ לויט זייער כאראקטער, לויט זייער פיזיאָנאָמיע אפ מענטשנ פונ אזא טיפ, וועגנ וועלכע דאָס פאָלק זאָגט: „ניט צו גאָט אונ ניט צו לײַטנ" (געלעכטער, אפלאָדיסמענטנ).

איכ וואָלט וועלנ, כאווײרים, אז איר זאָלט ווירקנ סיסטעמאטיש אפ אײַערע

דעפוטאטנ, אז איר זאָלט זײַ באאײַנפלוסנ, אז זײַ דארפנ האָבנ פאר זיכ די גרויסע געשטאלט פונעם גרויסנ לעניג און נאָכטאָנ לענינע אינ אלצ. (אפלאָדיסמענטנ).

די פונקציעס פונ די וויילער ענדיקנ זיכ ניט מיט די וואלנ. זײַ דויערנ דעם גאנצנ פעריאָד, וואָס עס עקזיסטירט דער אויבער־ראט פונעם געגעבענעם צונויפרופ. איכ האָב שוינ גערעדט וועגנ דעם געזעצ, וועלכער גיט די וויילער דאָס רעכט אָפרופנ פארנ טערמינ זייערע דעפוטאטנ, אויב זײַ קערנ אָפ פונעם ריכטיקנ וועג. הייסט עס, די פליכט און דאָס רעכט פונ די וויילער באשטייענ אינ דעם, אז זײַ זאָלנ די גאנצע צײַט האלטנ אונטער א קאָנטראָל זייערע דעפוטאטנ און אז זײַ זאָלנ זײַ באאײַנפלוסנ—פאר קיינ פאל ניט אראָפלאָזנ זיכ ביזנ ניוואָ פונ פאָליטישע באלעבעסלעכ, אז זײַ—די וויילער זאָלנ באאײַנפלוסנ זייערע דעפוטאטנ—צו זײַנ אזוינע, ווי עס איז געווענ דער גרויסער לענינ (אפלאָדיסמענטנ).

אזא איז, כאווירים, מײַנ צווייטע אייצע אײַכ, אנ אייצע פונ א קאנדידאט אינ דעפוטאטנ צו זײַנע וויילער. (שטורמישע, לאנגדויערנדיקע אפלאָדיסמענטנ, וועלכע גייענ אריבער אינ אנ אָוואציע. אלע שטייענ אופ און ווענדנ זייערע בליקנ צו דער רעגירונג־לאָזשע, וויהינ עס גייט דורכ דער כאווער סטאלינ. עס דערהערנ זיכ אויסרופנ: „דעם גרויסנ סטאלינ, הורא!", „דעם כאווער סטאלינ, הורא!", „זאָל לעבנ דער כאווער סטאלינ, הורא!", זאָל לעבנ דער ערשטער לענינעצ—דער קאנדידאט אינ דעפוטאטנ פונ אויבער־ראט—דער כאווער סטאלינ! הורא!").

ד. האָפשטײנ

# ס׳ווײלט מײַנ לאנד דעמ גרויסנ סטאלינ

ניט קײנ ראש פונ וואסערפאלנ —
קלאָרער רויש פונ שטילע קוואלנ
איצט מײַנ טראָט באגלײט,
נאָר איך הער א מעכטיק שאלנ —
אינ מײַנ לאנד הײַנט גײענ וואלנ
אינ דער לענג אונ ברײט.

פול מיט ליבע גײענ ווײלער,
פול מיט וואַרטנ שטײענ צײלער —
אויסדערווײלטע ווער?
נאָר ,דער ערשטער פונעמ צעטל
טיפ אינ הארצנ איז בא יעדנ:
אלע ווײסנ ווער!

אינ דעמ נאָמענ איז פארבאָרגנ
העלע שײַנ פונ גרויסנ מאָרגנ
אונ די מוט פונ הײַנט,
אינ דעמ נאָמענ טיפ זיך היטנ
פאר די פרײַנט א שטאָלצער פרידנ,
שרעק פאר בײזע פײַנט!

ניט קײנ ראש פונ וואסערפאלנ —
קלאָרער רויש פונ שטילע קוואלנ
איצט מײַנ טראָט באגלײט,
נאָר איך הער א מעכטיק שאלנ:
ס׳ווײלט מײַנ לאנד דעמ גרויסנ סטאלינ
מיט באנײַטער פרײד!

קיסלאָוואָדסק-פארק.

* *
*

פון געטאָ, פון שטרויכלונג, פון שטענדיק פאַרבאָטן,
פון אייביקן וואַנדער, פון פּיין און פון ליד,
אַף זוניקער ערד, אַף באַפרוכפּערטן באָדן
צו ליכט און צו אַרבעט, צו יאָנטעוו און פרייד;

פון אייביקער סינע און פּיין פון געבוירן,
פון הונגער, וואָס האָט אונדז געפּלאָגט און געיאָגט,
מיר זײַנען דער גליקלעכסטער דאָר פון די דוירעס,
ס'איז הײַנט אונדזער שענסטער און ליטערסטער טאָג.

דאָס לאַנד ווערט שוין צוואַנציק. אין שײַן און אין וווּנדער
אַ לאַנד כאָוועט אויסעט אַ גליקלעכן דאָר,
אַ ליב צו דעם טאָג פון דעם שענסטן יאָרהונדערס,
אַ גרוס דעם סאָוועטישן צוואַנציקסטן יאָר.

און ס'וועלן די פעלקער אַף אייביק דערמאָנען
דעם שענדלעכן אָווער, די פינצטערע נאַכט,
דערפאַר מיר דערהויבן מיט שטאָלץ הײַנט די פאָנען,
ווײַל ס'האָט אונדז אָקטיאַבער צום לעבן געבראַכט.

---

ר׳וועוע רייזין

# די נאכט פון דער גרויסער כארטיע

## פאָרליד

(אויסצוגג)

ציט זיך און ציט זיך און ציט זיך אין ענדלאָזע וויַיטן א לאנד
און ס׳רוקן זיך אָפּ פון אים פון אים האָריזאָנטן אלץ וויַיטער און וויַיטער אפּ הינטער,
מיַין היימלאנד מיַין גרויסע, היַינט זע איך דיר, דאכט זיך, פון ראנד ביזקל ראנד—
צופּוסנס—גרינער אופּבלי פון זומער, צוקאָפּנס—וויַיסער זילבער פון ווינטער.

פון טונדרע, ווּ איַינגעשפּאנט אין דער נארטע דרייט מיט צוויַיגיקע הערנער דער הירש,
ביז מידבאָר, ווּ דורך אופגעהויבענעם זאמד פון קעמל שווימט אָן אן אָאזיס אנטקעגן,
מאמעלעך—סארא ראכוועס ס׳וואָלט א שפּרייט געטאָן זיך אין וואנדער פאר מיר,
נאָר דו ווערסט, היימלאנד, שוין קיינעם ניט זען איינזאם וואָגלען אפּ דיַינע וועגן;

אָ, וויַיטן, אין וועלכע כ׳האָב געטרוימט זיך א לאָז טאָג ווי אין סטעפּ א ווילדער פערד,
כ׳וואָלט געוויס, געוויס איבער רוסישן סטעפּ זיך געוויגט אין א בויד מיט ציגיַינער,
היַינט קוק איך אפּ פעלקער פון ענדלאָזן לאנד אזוי פיַיערלעך פארקלערט—
כ׳האָב שוין געפונען, געפונען א היים נאָך יענער היימלאָזער בענקשאפט מיַינער.

ציט זיך און ציט זיך און ציט זיך אין ענדלאָזע וויַיטן א לאנד
פון ספּאסקער טויערן פון קרעמל ביז סאָפּקעס פון וואסערן בירער.
אוי, ניט געוווּסט האָב איך, אז יענע זאָרגנדיקע פאָטערלעך־צארטע האנט
האָט דאָס ארופגעלייגט אפּ מיר, דעם היימלאָזן, סטאלין דער פירער.

ניט קיין וויינענדיקע מאמע באגלייט היַינט איר זון, וואָס לאָזט זיך מיטן שטעקן אין האנט
זוכן זיַין גליק איבער גרויסן לאנד ווי א קיינמאָל ניט צוריקערנדיקע כוואליע,—
אונטער פאָך פון הענט און געזעגענונגס־ראש פון פאָלק טוט פלוצלינג א ריר זיך דער באן;
— אוי, מאמינקעס, צי דען וועלן מיר דאָס טאקע מאָרגן זען דעם פירער סטאלין

באלד וועלנ א צערוק טאָג זיכ איבער פיר עקנ לאנד די ווענט פונ קרעמל־וואל,
אונ דעמ יאָנטעוו צעטראָגנ איבערנ לאנד איז גרייט שוינ א ראדיאָ־כוואליע,
מיט פעלקער פונ סאמנ העק ארויסגעשלעפטע, אונטער הילכ פונ „אינטערנאציאָנאל“
וועל איכ ביז טרערנ הײַנט דאנקענ דעמ פירער, וואָס ער האָט דערהייבנ אונדז
אלע.

ווידער וועלנ רופנ מיכ פארביקע ווײַטנ אויסגעשטרעקטע צו מיר הײַנט
נאָר ניט אפ וואנדערנ מיטנ שטעקנ אונ מיט דער טאָרבע סקאָרינקעס הארטע,
ניט צופוס פונ דאָרפ צו דאָרפ—פונ פאָלק צו פאָלק וועל איכ טראָגנ זיכ הײַנט
צומ באווײַזנ זיכ פונ גרויסנ פירער אינ טאָג פונ דער רויטער כארטיע.

אונ דאכטנ ווערט מיר, אז כ'זע שוינ אינגאנצנ דעמ גרויסנ היימלאנד פונ ראנד
ביז ראנד
אונ כ'קענ מיט דער האנט פונ ווײַנגערטנער קרימער דערלאנגענ ביז טײַגעס
סיבירער.
ציט זיכ אונ ציט זיכ אינ ענדלאָזע ווײַטנ א לאנד,
נאָר אומעטומ וועלנ הערצער א צי טאָנ זיכ צומ באווײַזנ זיכ פונ פירער.

## צומ באווײַזנ זיכ פונ פירער

צומ קרעמל־טורעמ, וואָס שפילט אויס יעדער נאכט דעמ „אינטערנאציאָנאל“
ציט זיכ הײַנט פונ אלערליי פעלקער א פילפארביקער קארנאוואל.

אפ קעמלענ פונ מידבאָר, אפ הירשנ פונ טונדרע, אפ פערדלעכ בולאנער פונ דאָנ
מיט טענצ אונ מיט קלונג פונ קאנטעליעס אונ דאָמברעס קומענ זיי, קומענ זיי אָנ.

איר פאָלקסזינגער גרײַזע, וואָס האָבנ אינ מידבאָר געהויבנ די אויגנ פארטרערט
איר ווערט פאר די שטערנ שוינ מערניט דערציילנ די ליידנ פונ מענטשנ אפ דר'ערד.

דער טאָטער—מיט ווײַנטרויבנ, דער נענעצ מיט הירשנ־בלוט, דער קאזאכ—מיטנ
בעסטנ איירּאנ
זײַנענ הײַנט אײַכ מעכאבעד פאר אײַער געזאנג צו דעמ פירער פונ פאָטערלאנד.

ניט בא פענצטער פונ כאסענעס פרעמדע—בא רופאָרנ האָט דאָס פאָלק זיכ געשטעלט—
ס'ברעכט אויס זייער אייגענער יאָנטעוו אינ קרעמל פאר דער גאָרער וועלט.

אינ קרעמל, וו' מיט זײַנ פרײַנטלעכנ בליק ווײַזט זיכ סטאלינ אינ גרויענ שינעל
טוענ זיכ אלע, פונ זײַנ פאָשעטקײַט פארצויבערט, פונ זיכ אליינ פלוצלינג א שטעל.

איר, פארוואָרפענע—אינ סאמנ העק—נעכטנ, הײַנט—אינ פאלאצ־זאל הערלעכ צעשטראלט,
ס'קוקט אפ אײַכ געאָרעמט פונ אָוואציעס אזוי הארציק־פּאָשעט דעמ פירערס געשטאלט.

דעם דאָרשטיקן אין מידבאָר האָט ער וואסער געגעבן, דעם פרירנדיקן אין טונדרע—א קלייד.
דער שענסטער פאָלקס־מײַסע—די פארקערפערונג אירע, דעם פאָלקס־זינגער—דאָס געזאנג פון פרייד.

אין שנייִקע טשומען, אין בארגיקע סאקליעס, אין ווײַסע אאולן פון קרים
א שמייכל געטאָן האָט דער פירער צום פאָלק און א ראש געטאָן האָט די ליבע צו אים.

אין גרינער אוקראינע, אין בארגיקער גרוזיע, אין סטעפּישן קאזאכסטאן
זעט דאָס פאָלק, ווי ס׳פליט אָן, ניט פון יאמ־זײַט,—פון קרעמל א גליקלעכער אוראגאן.

אין קרעמל ווו די האנט איבער קאָפּ הויבט אופ סטאלין מיט דער דלאָניע צום זאל,
האָט באגעגנט זיך מיטן אָוואציע־שטורעם דער הילכ פון „אינטערנאציאָנאל".

און ס׳טוט פון אָרקעסטער דער הארציקער אויסבראָך פארן הארצ אזא נעם
ביז טרערן פון בלישטשענדער פרייד אין די אויגן „קטאָ ביל ניטשעם, טאָט סטאניעט ווסעם".

איר, דערנידערטע אין קעלערס—נעכטן, הײַנט—דערהויבענע אין פאלאצ־זאל
האלט צו די ברוסט זי זאָל פון פרייד ניט פלאצן באם אויסבראָך פון „אינטערנאציאָנאל".

ווער איז ער דער וואָס קען נאָך הימלשער פון אלע ווי אן אָדלער טאָן זיך צום הימל א ריס?
ווער איז ער דער וואָס קען נאָך ערדישער פון אלע אפ דער ערד שטיין מיט ביידע פיס?

דאָס איז דער, וואָס קען אײַך יעדן באם נאָמען און קוקט אפ אײַך פון טריבונע־פארענטש,
פאר דער אייביקײַט—דער שטאָלצסטער דענקמאָל, פאר מענטשן—דער פאָשעטסטער מענטש.

דעם היימלאָזן האָט ער א היים געגעבן. דעם פארטרויערטן—א שמייכל אין געזיכט.
דער פרוי—אן אויסלייזונג פון דער טשאדרע, דעם בלאָנדזשענדן אין דער פינצטער—ליכט.

צום קרעמל־טורעם, וואָס שפילט יעדער נאכט אויס דעם „אינטערנאציאָנאל"
ציט זיך און בלײַבט פלוצלינג שטיין ווי פארקישעפט דער פילפעלקערשער קארנאוואל.

ניט בא פענצטער פון כאסענעס פרעמדע—בא רופאָרן האָט דאָס פאָלק זיך געשטעלט;
א פײַערלעכע שטילקײַט פליט אָן אומגעריכט—ס׳רעדט דער פירער צו גאָר דער וועלט.

# ס'רעדט דער פירער צו גאָר דער וועלט

וואָס סוידענ זיכ פײַערלעכ שטיל די שטערנ, וואָס אַרעמענ זיכ באוועגלאָז שטומ
די בערג?
וואָס בלײַבט אינ יאמ אומגעריכט פארשטײנערט דער כוואליע־שפרונג דער
פלינקער —
דאָס לײענט סטאלינ איצט די קארטיע—די אפ שטײנ געקריצטע ווערק
אונ די אײביקײַט א פארטײַעטע שטײט אפ די שפּיצ־פינגער.

ס'שטעלט אָפּ זײַנ אָנפליִענ אינ מידבאָר א פארטײַעטער סאמומ.
מיט לאָנגלענ הענגענדע פונ קעמלענ בלײַבט שטײנ לעמ אנ אָאזיס א קאראוואנ
אינ שווײַגנ,
דאָס האָט דער קאראוואנ זײַנ דאָרשט פארגעסנ אינ זאמד פונ קאראקומ
באמ דערהערנ סטאלינס קאָל פונ רופאָר וואָס הענגט אפ פאלמע־צווײַגנ.

די מאמעניו וואָלגע וואָס האָט אינ איר ווארפנ זיכ פונ ווײ,
פונ בורלאקישנ קרעכצ באגלײט, געקלאפּט דעמ קאָפּ אָנ ברעגנ אירע
הערט שוינ ניט די קלאָג־ליד די צעטראָגענע איבער גאנצ ראסײ,
זי הערט די ליד פונ גרויסער פאָלקס־פרײד צו סטאלינענ דעמ פירער.

אפנ רויטנ פלאצ ווו פאר טעכטערלעכ באָארישע אונ מארק־געלאָפּ
גערדײט האָט דער הענקער א פארשײַטע קאָפּ צעשײרט פונ קערפער אירנ
שטײט אופ אינ זײַנ רויט קומאטשאוונ העמדל יעמעלקע פוגאטשאָוו—
גוט מאָרגנ אײַכ, ברײטפּענעמדיקע ברידערלעכ, באשקירנ!

צומ קרעמל־טורעמ קעגנ וועלכנ יעדער פאָלקס־העלד האָט געשארפט א שווערד
ציִענ פעלקער זיכ פונ גאנצנ לאנד מיט ליבע הײַנט געווענדטע.
פאר אלע פעלקער, אפ פארקערפערנ זי אפ דער גאנצער ערד
לײענט סטאלינ הײַנט אינ ראטנלאנד די שענסטע פאָלקס־לעגענדע.

גרײט א לאָז טאָנ זיכ אינ פײַער, האָט זיכ טשאפאיעווס דענקמאָל אופגעשטעלט
אפ זײַנ פערד דעמ שטאָל פארהויבענעמ אנטקעגנ נײַע שלאכטנ,
העי, אינ אָט דער גרויסער שטילקײַט דער פארהויבענער איבער דער וועלט
ווארט פארטײַעט דער לעצטער אויסבראָכ פונ וועלט־שטרײַט פונ דערוואכטנ;

ס'טוענ זיכ אפ פליגלענ פונ הימנ די ווענט פונ קרעמל־זאל א צעשפּרײט
איבער פיר עקנ פונ דער וועלט מיט ערשטנ גרוס פונ שלאכטנ לעצטע—
אוי, אָט די פרײד איז בלויז א שטראל אנטקעגנ דער זונ פונ יענער יאָנטעוו־פרײד
ווענ אינ מיטנ וועלט וועט שטײנ א טיש מיט אלע פעלקער אויסגעזעצטע.

ס'וועלנ דונערנ אינ הימל אויסשפּילנ דעמ „אינטערנאציאָנאל“
אונ בליצנ וועלנ פינפשפּיציק אויסשנײַדנ אינ רוימ דעמ רויטנ שטערנ,
אונ ס'וועט פאר פעלקער אופגעזאמלטע פונ גאנצער וועלט אינ קרעמל־זאל
דער פאָלקס־זינגער מיט זײַנ גאנצער הארצ זיכ צעעפענענ ביז טרערנ;

און שמייכלען וועט סטאלין, געארעמט פון פעלקער נאָכן לעצטן שלאכט
דער סאמער צארטסטער פון אלע מענטשן אף דער ערד דער גאָרער,
דאָס וועט ער הערן דעם פאָלקס-זינגער זינגען אין קרעמל־זאל פארטראכט
וועגן אָט דער נאכט פון דער גרויסער כארטיע אן אָנדענק־ליד א קלאָרע.

## דער צוריקער פון די געסט פון קרעמל

ברייטפענעמדיקע נענצעס, שמאָלויגיקע מאָנגאָלצעס,
הויכוווקסיקע ארמענער, גרוזיעס שלאנקע זין,
ס'באלויכט די זון, אונטערן אויסבראָך פון אָרקעסטערס שטאָלצע,
אייער ארויסגאנג פון ספאסקער טויערן מיט בלומען און מיט גרינס.

באקן־סקולעס קופערנע פון קינדיש שמייכלענדע יאקוטן,
פארכאָלעמטע אוקראינער אין קליידער פילפארביקע באפוצט.
א גוטן טאָג דיר, קרעמל, נאָך יענע גליקלעכסטע מינוטן,
גוטמאָרגן היים, מיר טראָגן דיר הערצער פול מיט אלדאָס גוטס.

הערט ווי ס'קלינגט טשוקאָטקע אף איר פילסטרוניקער קאנטעליע,
ווי ס'בלאָזט אין איר זורנע גרוזיע, ווי ס'פויקט ארמעניע אין איר דייַהול.
פאָרט דאָס פאָלק פון קרעמל אין איינ גרויסער פאָלקס־קאפעלע,
פאָרט דאָס פאָלק פון קרעמל מיט געזאנג און יאָנטעוו פול.

געלהויטיקע אינדוסן, קרומויגיקע כינעזער,
שווארצפענעמדיקע נעגערס מיט ציינער בלישטשענדיקע אין דער נאכט,
בעשאס ס'האָט פון הימל־הילכ צערוקט זיך דער זאל אלץ גרעסער, גרעסער,
האָבן פעלקער אלערליי קאָלירטע אף גאָרער ערד געהערט פארטראכט.

טראָגט דער צוג די געסט, פאר אויגן שווינדלען בערג אוראלער,
ליגן אין זיי אוצרעס ווי געפילן באהאלטענע אין הארץ,
בעשאס מיר וועלן קומען אהיים צופאָרן אלע,
ווי וועלן מיר דאָס דאָרטן זיי אויסדערציילן אלץ.

גרויס איז בא די פעלקער די באגעגנונגס־פרייד געוועזן,
ס'האָט יעדער היימשטאָט צום ברוסט געטוליעט די געקומענע פון קרעמל־זאל,
ס'האָט דאָס פאָלק לעקאָוועד זיי געגרייט צום טיש די בעסטע עסנס,
ס'האָט דאָס פאָלק לעקאָוועד זיי געמאכט דעם שענסטן קארנאוואל.

געפאָרן איז זיי אנטקעגן אף זיין פערד דורך בערג און טאָלן
דער גליקלעכסטער אייניקל פון אָסאנען — דער גרייַזער פאָלקס־זינגער דזשאמבול.
„איך בין געפאָרן אף א קראנקער שקאפע און פון א קישעפ־פערד געכאָלעמט
האָט סטאלין אזא פערד געשענקט מיר כ'זאָל פאָרן מיט געזאנג דורכן אאול".

ארױס באגעגענע איז זײ לאפלאנדיע אין בעסטער הירשנ־קלײדונג,
— װער איז ער דער, װאָס געזען האָט איר אין יענער שענסטער נאכט?
ער האָט די זון די פארשװוּנדענע נאָך נײַדא לעניגס שײדונג
אין דער קאלטער טונדרע אונדז אמאָל צוריק געבראכט.

— — — — — — — — — — — —

ניט פון א כאסענע א פרעמדער באם טיש פון פרעמדע עסנס—
ס'פאָרט מײַן פאָלק, געארעמט מיט פעלקער אהײם פון קרעמל־זאל.
מײַן פאָלק, נעם ארױס דײַן פידל, װאָס האָט איר טרױער־ניגן לאנג פארגעסן.
שפּיל אױס א פרײלעכס צום צוריקער פון פילפעלקער־קארנאװאל.

לאנג געטרױמט האָט סטאלין—זען דעם לעבן פון פעלקער־פרײַנשאפט א באשײַנטן
הײַנט זעט ער אזױ גליקלעך זײַן פארקערפּערטן טרױם אין ראטנלאנד...
אָ, לײַבלעכ—נאָנטער סטאלין, װאָס װעט די פעלקער פון גאָרער ערד באפרײַנדן
זאָל די זון דײַן באליבטן פּאָנעם אײביק גלעטן, װי א מוטער־האנט.

שטראָמען נאָך דײַן װילן טײַכן אזױ כװאליק אין די ברעגן.
הײבן נאָך דײַן פארלאנג זיך פאלמעס אזױ װוּקסיק שלאנק,
יעדער פאָלקס־זינגער טראָגט װעגן זײַן פאָלק הײַנט א ליד צו דיר אנטקעגן,
װעל איך װעגן מײַן פאָלק, װאָס באנײַט האָסטו סטאלין הײַנט זינגען א געזאנג

---

## דער ניסטער

# אפנ פּרעטשיסטער יאריד*)

## (פונעמ ראָמאנ „מישפּאָכע מאשבער״)

(פאָרזעצונג)

שוינ גלײַכ, ווי נאָר עס האָט זיכ אָנגעהויבנ, ווענ נישט אַלע געסט אפילע זײַענ זיכ נאָכ נים געהאט צונויפגעגאנגענ, אזוי איז שוינ דער גראפ קאָזעראגע, וועלכער האָט אפילע נישט טרינקענדיק אויסגעזענ באטרינקענ, אָדער עפּשער האָט ער שוינ פונ פריִער ערגעצ א קלײנע קויסע געכאפּט,—שוינ דעמלט האָט דער יונגער גראפ יעדער מאָל, ווענ דער באַלעבאָס, לעמאָשל, ווענ נאָסנ־נאָטע האָט זיכ צו די פארזאמלטע פּריצימ אפ דער שוועל באוויזנ עפּעס צו ברענגענ אָדער עפּעס אוועקצוטראָגנ, ווי ס'האָט זיכ געפאָדערט פונ באדינונג,—אימ יעדערס מאָל מיט א שיקערנ פינגער א ווונק געטאָנ, ער זאָל צו אימ צוגײנ, ער דארפ אימ עפּעס האָבנ, האָט עס געהײסנ, אונ אז יענער איז צו, האָט אימ דער גראפ אַלע מאָל מיט אָפּנ שיקערער פאראכטונג, גלײַכ ער ווענדעט זיכ ניט צו קײנ מענטש, צו זײַנ גלײַכנ, נאָר צו א היימישער מינ כאיע, וועלכע מ'האלט אויסגעדרעסירט צוליב נעצעכע, א זאָג געטאָנ:

— אנו, נאטאנ, ספּיוואַי מעני טענ פּיסני... יאק נאזוווא זי... אונ ער האָט זיכ בעשומ אויפנ ניט געקאָנט דערמאָנענ דאָס, וואָס ער וויל פונ אימ, יענע ליד, וועלכע ער האָט געמײנט, אונ געמײנט האָט ער די ליד, וועלכע אַלע פּריצימ פלעגנ פאָדערנ פונ זײערע אונטערגעוואָרפענע ייִדנ, ווענ זײ, די פּריצימ אופגעלײגט, אונ ייִדנ זײַנענ געצווּנגענ געווענ, מאכמעס אָפּהענגיקײַט אונ מוירע האָבנדיק אָפּצרזאָגנ, זײ צו זינגענ, דאָס מײנט מענ, די באוווּסטע שאבעס־ליד, דעמ „מאַיאָפעס״.

יעדעס מאָל האָט זיכ נאָסנ־נאָטע מיט אנ אנדער טערעצ אויסגעדרײט, פריִער, קלוימערשט, ניט וויסנדיק, וואָס יענער מײנט, אנ אנדערש מאָל—אימ צוזאָגנדיק, אז שפּעטער, שפּעטער... א דריט מאָל—מיט באקאָשע אונ גרויס פאָרויכטיקײַט זיכ ארויסגעריסנ פונעמ גראפס האנט, וועלכע האָט זיכ שוינ צו זײַנ קאפּאָטע געשטרעקט, צו זײַנ באָרד אונ פּײעס אונ אימ אזויערנאָכ געוואָלט פארהאלטנ.

ס'האָט שוינ פונ אָנהויב אָנ געהאלטנ דערבײַ, אז גאָרלעצקי דער פּריסטאוו, וועלכער מ'ווײסט ניט אקוראט, צי די עלטערע נאטשאלסטווע האָט, וויסנדיק, מעגלעכ, פונעמ פּריצישנ צוזאמענקומ, אימ געשיקט אהער, ווי זי טוט קעסיידער, קעדיי א וואָסער ניט איז אויג פונ אירנ א באאמטנ אפ אַלע וויכטיקע צוזאמענקינפטנ צו

*) זע „שטערנ״ נומ. 5.

האָבן; צי עפּשער איז דאָס זײַן אייגענע איניציִאַטיוו. עפּשער איז ער אַפּ אייגענער אכראיעס געקומען, פילנדיק א טרונק, וואָס וועט אים פון אונטן ארום (ווײַל אין שטוב צו די פריצים אַליין האָט ער ניט די האָזע און ניט קיין פולמאכטן געהאַט ארײַנצוקומען) דערלאנגט ווערן פון באַלעבאָס פון אײַנפאָר־הויז, פון נאָסנאָטען, ווען ער וועט שטיין אונטער דער טיר, און אמאָל, ווען ער וועט זיך דערלויבן די טיר עפענען, אהין דעם קאָפּ ארײַנשטעלן און מ'וועט אים באמערקן, וועט א פאָרעצ אים דערלאנגען; מעגלעך אויך, אז דאָס האָט גארלעצקין ליסיצין סוועטיסלאווסקע אײַנגעלאַדן: צי צוליב עפּעס א געוויסן מיין, וואָס ער האָט געהאַט דערבײַ, צי עפּשער גאָר אָן א מיין. דאָס לעצטע, דאָס הייסט, די אשאָרע, אז גאָרלעצקי איז פון סוועטיסלאווסקען אײַנגעלאַדן געוואָרן, לייגט זיך אפּן זינען און האָט דאָס מאָל א געוויסן גרונט געהאַט, ווײַל דאָס מאָל, האָט מען באמערקט, האָט די גאנצע צײַט פון דער הוליאנקע סוועטיסלאווסקי געהאַלטן אין איין אינזינען האָבן און אַלע ווײַלע גאָרלעצקין דורך א האַלב געעפנטער טיר א קויסע נאָך א קויסע ארויסדערלאנגען.

יאָ, ס'האָט שוין געהאַלטן דערבײַ, אז גאָרלעצקי דער פריסטאוו, דער, וואָס מיט דעם קאַרק אין דרײַ פאַלדן, דער מיטן ארויסשטאַרטשענדיקן בויך־באַראַבאַן, וועלכער האָט קעסיידער געשוויצט, באַזונדערס, ווען ער האָט געהאַט אַן אמטלעכע שליכעס אויסצופילן, ווי אַפּ א פאַראַד אמאָל, אָדער אַפּ דער וואַך בא א עלטסטן, און וואָס האָט זיך קעסיידער דעמלט מיט א טיכעלע אונטער דעם פליישיקן קאַרק דעם שווייס געווישט,—האָט שוין געהאַלטן דערבײַ, אז גאָרלעצקי, וואָס איז פריִער פאַר מוירע און, ווי געזאָגט, קיין פולמאכטן נישט האָבנדיק, אונטער דער טיר געשטאַנען און אינווייניק קיין האָזע ניט געהאַט ארײַנצוקוקן, האָט איצט, גלײַך שוין באַם אָנהויב, דערהערנדיק, וואָס אין צימער טוט זיך, און מיינענדיק, אז פון אינווייניק וועט אים קיינער ניט באמערקן, האָט זיך איצט שוין אַלע ווײַלע דערלויבט אמאָל די טיר, נאָר ווערליק אַפּ א קוק צו טאָן, אופצועפענען, און א מאָל אויך דעם קאָפּ ארײַנצושטעקן.

עמעס, ער האָט א טאָעס געהאַט: ס'האָט נאָך דאָך ניט געהאַלטן אזוי ווײַט, אז מ'זאָל אים לאַכלוטן ניט באמערקן, און יעדערס מאָל האָט אים פאָרט אַן אַנדערער דערזען. מ'האָט אַפּ אים גלײַך א שפּאַסיקן קוק געטאָן, ווי אַפּ א קאַץ, ווען זי ווײַזט זיך אומגעריכט און טוט שטיל א פאַרמאַכטע טיר אַן עפן. מ'האָט א זאָג געטאָן: פרסס... און ער האָט גלײַך די אויגן און די קאָפּ אוועקגעכאַפּט און די טיר אונטער זיך פאַרמאַכט.

דאָס איז פאַרגעקומען שוין צום אָנהויב, ווען אַלע געסט זײַנען נאָך ניט געווען. שפּעטער אביסל האָבן זיך איינער נאָך איינעם פריצים, אײַנגעלאַדענע אין יענעם אָוונט אָנטיילצונעמען און צוזאמען פאַרברענגען, זיך צונויפגעקומען. אייניקע ניכטער, אנדערע, שוין פון זייערע צימערן ארויס פון דער זעלבער אכסאַניע, אָדער פון אנדערע אײַנפאָר־הײַזער קומענדיק,—שוין האַלב באַטרונקען.

צווישן זיי אויך, דער אונגדז פון א פריִערדיק קאַפּיטל באַקאַנטער רודניצקי, וואָס האָט ניט נאָר צווישן סאָכרים, נאָר אויך צווישן פריצים קיין איבעריק סאָלידן אָנזען און נאָמען ניט געהאַט. ער איז יעדער מאָל, אין זײַן געזעלשאַפט

אפילע, אופגענומענ געוואָרנ נישט מיט איבעריקנ צוטרוי, נישט צו זײַנ וואָרט, נישט צו זײַנ צוזאָג, צי אפילע גלאט צו דעם, וואָס ער האָט ווענ צווישנ אנדערע אינ א געשפרעכ זײַנ וואָרט ארײַנגעשטעלט. מ׳האָט אימ, ווי געקוקט אפ די פינגער, נישט גלויבנדיק זײַנע הענט, אז זיי קאָנענ ניט אמאָל עפּעס אװעקנעמענ, חוצנ נאָר ס׳לאָזט זיכ, ווענ ס׳איז א גוטער צופאל, אונ ווענ מ׳קאָנ האָפנ, אז ס׳וועט צו קיינ זיכערנ דורכפאל אונ סקאנדאל ניט קומענ.

דאָס מאָל האָט אימ דער ערשטער באגעגנט דער באלעבאָס אונ דער הויפּטשולדיקער אינ דער סימכע, דער פונ לעכאטכילע אָנ אָפּגעהיצעלטער אונ שיקערלעכאופגעלײגטער גראפּ קאָזעראגע; ער איז מיט שארפענדיקע פיס אונ האלב שוינ גערײמטנ גאנג אימ אנטקעגנ געגאנ, אונ האלטנדיק דאָס הענטל פונ לאָרגעט האלבשלאבעריק, האלב־נאכלעסיק, האָט ער אפנ ארײַנקומענדיקנ צוערשט א גלײַכגילטיקנ קוק געטאָנ. ווי ער אפ אלע, אָבער דערנאָכ צו אימ א מינ שפּאָט ארויסבאוויזנ, ווי צו א פארשוינ, וואָס ערנסט, אפילע פאראכטנדיקער ערנסט, איז שוינ פאר יענעמ א צו גרויסער קאָוועד אונ קאָסטבארע מאטבייע, אונ דאָס אײנציקע, מיט וועלכנ מ׳קאָנ אימ באגעגענענ, איז מיט שפּאָט אונ גרינגשעצונג שוינ פונ יענער מאדרייגע, וואָס באווײַזט, אז ביכלאל, מאכט מענ זיכ פונ אזוינע קיינ ווענ, ווײַל אינ קיינ רעכענונג מאכנ זיי קיינ מינדסטע גרויס ניט אויס...

ער איז צו אימ צוגעגאנ אינמיטנ זײַנ שארפענדיקנ גאנג, ווי ניט צו אימ גייענדיק, אונ ווי צופעליק אָנשלאָגנדיק זיכ מיט אימ. אונ, ווי מ׳דערלויבט זיכ אפילע מיט קיינ נאָענסטנ כאווער קיינמאָל, האָט אימ א פאראכטנדיקנ קליינ קלעפּעלע געטאָנ מיט דער דלאָניע פונ דער לינקער האנט אפנ שטערנ:

— זע, רודניצקי!—האָט ער געזאָגט,—דאָס ביסטו?!

— פאנאָווע,—האָט ער אויסגעשריגנ,—זעט, דאָס איז דאָכ ער, דער, יענער, רודניצקי, וואָס, ווי מ׳זאָגט, דאכט זיכ, שפּילט ער אינ קאָרטנ אונ צאָלט קיינ קאָרטנ־געלט, האָט א געליבטע אונ האָט זי ניט מיט וואָס אויסצוהאלטנ, לײַט געלט בא יידנ אונ צווינגט זיי מיט פּיסטאָליעטנ זיי זאָלנ אימ די וועקסלענ אָפּגעבנ. דאָס איז דאָכ ער, פאנאָווע, דער, יענער, וועלכער...

דערבײַ האָט ער זיכ מיט א האלב שוינ געליימטנ צונג פארפלאָנטערט אונ האָט נאָר פארענדיקנ געקאָנט מיט א שטילער אומזיניקער כיכיקערײַ אָנ טאמ אונ מיט א פוילנ מאכ מיט דער לינקער לעפל־האנט, מאכמעס ניט קאָנענדיק דאָס לעצטע וואָרט, דעמ לעצטנ געדאנק ארויסברענגענ.—כי־כי־כי,—האָט ער שיקערלעכשלאבעריק מיט דער האנט געמאכט אונ דערבײַ זיכ אָנמעכטיק פארהוסט אונ אינ לעכלדיקנ שטילנ הוסטנ זיכ זקייניש אויווער־באָטעליש פארגאנגענ.

אנ אנדערער אפ רודניצקיס אָרט, א מענטש מיט מער ערע, א מענטש, וואָס פילט, אז בענעגייע אימ קאָנ קיינ באליידיקונג ניט אָנגיינ, וואָלט געוויס אפ אזא באליידיקונג, אפילע ווענ זי וואָלט אימ געקומענ, ווי איצט רודניצקינ, אינ א שפּאספאָרמ, אנדערש געוויס רעאגירט. רודניצקי אָבער, וואָס דאָס, וואָס איז אימ דאָ געזאָגט אונ אויסגעוואָרפנ געוואָרנ, האָט ער ערלעכ פארדינט אונ ס׳איז אימ אָרנטלעכ, לויט זײַנע פארדינסטנ טאקע, געקומענ, האָט געמוזט דאָס געזאָגטע אראָפּ־

שלינגענ, אָנ קיינ שומ ווידערשטאנד אונ אָנ שומ מינע צו מאכנ, אז ער האָט די באלײדיקונג נאָר אפילע אײַנגעהערט.

ער האָט שוינ געוואָלט אינ א זײַט אָפגיינ, צווישנ אנ אנדער רעדל, צווישנ וועלכע דער גראפ האָט זיכ ניט געפונענ, זיכ ארײַנדרייענ, אונ זיכ מאכנ פארגעסנ אונ דאָס געזאָגטע, ווי פארבײַ אויער דורכלאָזנ. האָט אימ אָבער יענער, דער גראפ, נאָכנ אָפהוסטנ אונ נאָכנ זקייניש, אויווערבאָטלשנ לעכעלנ אויכ אינעמ צווייטנ רעדל אָפגעזוכט, אונ ווידער אויכ פאר יענע איבערגעכאזערט דאָס, וואָס דאָס ערשטע מאָל, ווענ ער האָט רודניצקינ אליינ באגעגנט, אונ דערבײַ האָט נאָכ צוגעגעבנ:

— ער זעט, פּאנאָווע, אז רודניצקי האָט זיכ באלײדיקט, איז אויב אזוי, איז נאָכ ניט אלצ פארפאלנ, אונ ער איז גרייט מיט זײַנ פולער גרעפערישער ערע אימ באפרידיקנ: מיט אימ אפ דועל אונ אפ פיסטאָליעטנ, אונ זאָל זיכ רודניצקי דאָ, אפנ אָרט מאקע, זײַנע סעקונדאנטנ אויסקלײַבנ.

דערבײַ האָט דער גראפ פונ אנ אונטערשטער הויזנ־קעשענע א פיסטאָליעט ארויסגעצויגנ, אימ פארנ רעדל פריצימ באוויזנ, אימ פאר רודניצקינ עטוואָס לענגער געהאלטנ, אונ אויכ דאָס האָט רודניצקי געמוזט אראָפשלינגענ, טרייסטנדיק זיכ מיטנ פאָרמעלנ טערעצ, קלוימערשט, אז ווי אלע זעענ, איז דער גראפ באזויפנ, אונ פונ א באזויפענעמ איז ניט צו פאָדערנ אונ אינ אזא שטאנד איז מענ פאר גאָרניט פאראנטוואָרטלעכ.

אינדערעמעסנ איז שוינ דעמלט ניט נאָר דער האלב־קראנקער, שוואכזיניקער יונגער גראפ נישט פאראנטוואָרטלעכ געווענ, נאָר אויכ אלע בײַוועזנדיקע, וועלכע האָבנ שוינ היפש געהאט אויסגעטרינקענ, ווי דאָס איז צו זענ געווענ צוערשט פונ דער אומאָרדענונג אפנ טיש, דערנאָכ אפ די פּענעמער פונ די, וואָס זײַנענ בא אימ געזעסנ, אויכ בא די, וואָס האָבנ זיכ שוינ אופגעהויבנ, ארויסגעגאנ פונ אונטער אימ אונ אינצווייענ, דרײַענ, אונ אינ רעדלעכ אונ בינטלעכ זיכ געזאמלט אונ זיכ פרײלעכ אונטערגעהאלטנ.

ס'האָט זיכ שוינ דעמלט אלע מאָל אנ אנדער שיקערנ עפעס אנדערש זיכ פארגלוסט. איינער איז שוינ אלע מאָל אפ א בענקל געקראָכנ, זיכ געוואָלט ארופשטעלנ דעמ הענג־לאָמפ אויסלעשנ אונ נישט באוווסט פארוואָס, צו בלײַבנ אינדערפינצטער, אונ אז ס'האָט זיכ אימ ניט אײַנגעגעבנ צומ לאָמפ קומענ, האָט ער כאָטש די ליכט געלאָשנ.

אנ אנדערנ, פארקערט, איז די ליכט געווענ ווייניק אונ ער האָט געשריגנ, מ'זאָל וואָס מער אָנצינדנ—ליכט, לאָמפנ, אונ אויב ס'איז ניטאָ, זאָל מענ—וואָס איז, פאר וואָס ניט?—די גאנצע שטוב אָנצינדנ. ס'זאָל ברענענ אונ די גאנצע גאס, די גאנצע שטאָט מיט דעמ גרויסנ יאָר־יאריד באלויכטנ.

— ער באצאָלט!—האָט ער אויסגעשריגנ,—ער נעמט אפ זיכ די העזייקעס, סײַ אויב ווער פונ די דאָ אָנוועזנדיקע וועט לײַדנ, אונ סײַ אויכ די, וואָס ניט דאָ, ווער נאָר ס'נעמט אינ יאריד אנ אָנטייל, ווײַל נישקאָשע—האָט ער ווײַטער געשריגנ,—זײַנע קאפיטאלנ אונ מאיאָנטקעס וועלנ אימ קלעקנ.

א דריטער האָט, דערהערנדיק דעמ צווייטנ, אז ער צאָלט, האָט שוינ פאר א

פערטנ זיכ געקלאָגט, אז ער האָט שוינ טאקע אָפגעברענט, אז ער איז א געליטענער, אז ער איז פונ דער סרייפע, פונעמ יאריד, הייסט עס, ארויס א הוילער אונ א בלויזער, ער האָט ניט מיט וואָס אהיימ צו קומענ, ס'איז אפ אימ א ווילד ראכמאָנעס, פריצימ דארפנ עפעס זענ טאָנ, זײַנ נאָמענ אונ ערע אונטערהאלטנ, ווײַל אז ניט וועלנ אלע פריצימ לײַדנ ביזיונעס אונ אלעמענס נאָמענ וועט פארפלעקט אונ אונטערגעריסנ זײַנ.

אינ שטוב האָט גרויס טומל געהערשט אונ די שײַנ פונ לאָמפ האָט גענומענ טונקל ווערנ פונ פול־געפאקטקײַט, וואָס די שטוב איז געווענ צו ענג פונ זיי אלע ארײַנצונעמענ, פונ דער לופט־געדיכטעניש, פונ ווײַנ אונ ציגארנ־רייכעס.

אייניקע האָבנ שוינ די קאָלנערס געוואָרגנ אונ זיי האָבנ זיכ פונ היץ צעשפיליעט. אנדערע האָבנ שוינ געזוכט די טיר אפ ארויסגיינ, אביסל לופט כאפנ אונ זיכ אויכ באפרײַענ פונ דער ניט־גוטקײַט, וואָס איז זיי צומ גארגל צוגעטראָטנ, שוינ צומ ברעכנ. אנדערע האָבנ שוינ געפרוווט דאָס לעצטע אינ א ווינקל אינ שטוב אָפצוטאָנ... אונ, פארקערט, בא אנדערע, באזונדערס בא די שפעטער אָנגעקומענע, איז נאָכ דאָס אויסגעטרונקענע ווייניק געווענ, אונ זיי האָבנ געפאָדערט פונ די, וואָס האָבנ באדינט אונ צומ טיש דערלאנגט, ווי פונעמ באלעבאָס, פונ נאָסנ־נאָטענ, וואָס ער האָט זיכ שוינ איצט שיטערער אינ שטוב געוויזנ, מוירע האָבנדיק פאר די שוינ האלב־ווילד־געוואָרענע פריצימ אינ די אויגנ זיכ ווארפנ אונ ער האָט שוינ געשיקט אנדערע, מעשאָרסעמ, דינסטנ אפ זײַנ אָרט—יענע האָבנ געפאָדערט, מ'זאָל נאָכ אונ אלץ אפסנײַ דערלאנגענ.

פארשיידענע ווײַנענ אינ פלעשער, אינ בוטליעס, היגע אונ אויסלענדישע מארקעס זײַנענ אופגעגעבנ געוואָרנ אונ אייניקע קענער פונ יענעמ מינ, פונעמ טרונק, וואָס מאכנ עס אויכ אינדערהיימ אָפט, האָבנ זיכ געקליגט אונ געמישט, באשטעלט בא די מעשאָרסעמ, אז יענע זאָלנ צוזאמענמישנ מינ מיט מינ, מינ מיט נישט מינ פארשיידענע סאָרטנ גלי־ווײַנענ, פונשנ, וואָס מער וויפל מ'האָט געטרינקענ, האָט זיכ שוינ אפנ טיש, אפנ דיל געגאָסנ, די האנאָע פונ דעמ אלעמ ווייניק, דערפאר אָבער דער טומל ביז דער סטעליע, אונ ער האָט געזוכט אנ אָרט דורכ דער סטעליע אפנ דאכ ארופקומענ.

גאָרלעצקי דער פריסטאוו, וואָס אלע מאָל איז אימ אנ אנדער גלאָז פונ אנ אנדער מינ אונ סאָרט אונטערגעטראָגנ געוואָרנ, פונעמ באלעבאָס פונ הויז, אויכ, אונ דעריקער, פונ ליסיצינ סווענטיסלאווסקי, וואָס ער האָט אימ איבער עפעס, ווײַזט אויס, די גאנצע צײַט אינ אויג געהאט, אימ ווי אָפגעהיט אפ ווענ ער וועט אימ דארפנ,—גאָרלעצקי דער פריסטאוו, וואָס האָט שוינ אזויפיל אינ זיכ, פונ יענער זײַט טיר שטייענדיק, ארײַנגעגאָסנ, זיכ אָנגעזשליאָקעט מער פונ א האלב צענדליק געסט געוויס, אונ וואָס דער זויפ האָט זיכ שוינ שטארק אָנגעזוענ אפ אימ, דעריקער אפ זײַנ טיכל, וואָס ער האָט מיט דעמ די גאנצע צײַט דעמ שווייס געווישט, פריִער פונ וואכ־אייפער, ווי ס'געשעט מיט אימ באשטענדיק, אונ איצט אויכ פונ היץ אונ פונ ווײַנ—ער, גאָרלעצקי, האָט שוינ איצט דעמ טומל אינ שטוב זעענדיק, אז ס'באמערקט אימ שוינ קיינער, האָט זיכ שוינ איצט דערלויבט די טיר שוינ א ביסל

אָפנ האַלטנ אונ אַלע מאָל, ווענ ס'האָט זיכ אים פאַרוואָלט, דעם קאָפּ אהינ אַרײַנגעשטעקט.

קיינער האָט אים שוינ טאַקע ניט באַמערקט, אויסער נאָר, ווי געזאָגט, סוועטיסלאַווסקי, וואָס האָט די גאַנצע צײַט געהאַלטנ פונ איינ רעדל צום אַנדערנ צו גיינ, אומעטום א וואָרט אַרײַנגעשטעלט, קעדיי צו ווײַזנ, אז ער נעמט אָנטייל אינ טומל, אינ געשפּרעכנ; אינדערעמעסנ אָבער האָט, קימאַט נישט הערנדיק, וואָס ער האָט נאָר וואָס געזאָגט אינ דעם ערשטנ רעדל, שוינ אַנ אויער צוגעלייגט צו א צווייטנ, זיכ פונ ערשטנ אָפּגעקערעוועט אונ אינעם צווייטנ אַרײַנגעזאָגט, קעדיי אויכ באַלד פונעם צווייטנ זיכ אָפּקערעווענ.

דערבײַ זײַנענ בא אים די אויגנ, ווי בא א מויז, אומגעלאָפנ, געזוכט, גענישטערט ווי אָפּ עפּעס זיכ צו פאַרהאַלטנ, אונ ווי נאָר זײַנ אויער האָט געכאַפּט עפּעס אזוינס, וואָס האָט זיכ אים געדאַכט וויכטיקס, אהינ האָבנ זיכ אויכ באַלד גלײַכ זײַנע אויגנ נאָכגעווענדעט.

כאָטש אויכ ער האָט געטרונקענ, אָבער דאָכ אינ אזא מאָס, אונ אָפּ אזויפיל נאָר, אז ער זאָל נאָכ די מעגלעכקײַט האָבנ ניכטער צו זענ אונ הערנ אַלצ, וואָס אינ שטוב אונ אינ גרויסנ טומל קומט פאָר, וואָס ס'ווערט פונ וועמענ ווענ געזאָגט, אָדער אויסגעשריגנ, — אויפצוכאַפּנ, צו פאַרגעדענקענ אונ אינ זיקאָרנ פאַרנאָטירנ.

דערופ האָט זיכ א ספּעציעלע קונסט געפאָדערט: אי ניכטער זײַנ, אי צו האָבנ געטרונקענ, אי זיכ מאַכנדיק ניט הערנדיק, אי הערנ, אז אַנדערע זאָלנ ניט באַמערקנ. דערופ אָבער איז ער געווענ ער — סוועטיסלאַווסקי, דערופ באַרופנ, ווײַזט אויס, פונ דער נאַטור, אונ אויכ מאַכמעס דעם, אפּאָנעם, ווײַל זײַנע אינטערעסנ האָבנ דאָס פונ אים געפאָדערט. די מעלאָכע איז געווענ א שווערע, אָבער אינ גרויסנ טומל, וואָס האָט שוינ דעמלט געהערשט, אינ דער אַראָפּגעזעצטער האַלב טונקעלער שײַנ, אינ דער אומאָרדענונג אונ שיקערנ הו־האַ איז דאָס שוינ אינ א געוויסער מאָס געווענ גרינגער דורכצופירנ.

פריצימ זײַנענ שוינ געווענ אזוי פאַרטראַסקעט, אזוי איבערפולט אונ איבערגעזופּנ, אז איניקע האָבנ זיכ שוינ אָפּ די גלײַכע ווענט געדראַפּעט, געמיינט אינ שיקערנ שטאַנד, אז זיי געפינענ זיכ אינדערהיימ אונ אז זיי קלעטערנ אָפּ די העכערע עטאַזשנ אַרופ צו זיכ אינ די צימערנ, וועלנדיק זיכ אינ די בעטנ לייגנ אונ אָפּרוענ.

אַנדערע, מער קרעפּטיקערע, וואָס האָבנ זיכ נאָכ אָפּ די פיס געקאָנט האַלטנ, אָבער וואָס די קעפּ האָבנ זיי שוינ שוואַכ געדינט, האָבנ איינער פאַרנ אַנדערנ גערעדט, געטײַנעט, אונ איינס דאָס אַנדערע ניט פאַרשטאַנענ, ווײַל די צונגענ זײַנענ בא זיי געווענ פאַרשיידענע אונ בעבענדיק, אונ טעלעפּענדיק האָבנ אַרויסגעבראַכט אומזיניקײַטנ.

איניקע האָבנ זיכ פאַר באַקאַנטע אונ אומבאַקאַנטע באַרימט מיט זייערע גליקנ, מיט זייערע רײַכטימער, אונ כאָטש שיקער, דאָכ פריצישנ פאַסאָנ געהאַלטנ. אַנדערע, פאַרקערט, האָבנ אינ צושטאַנד פונ אָפנהערציקײַט, אַרויסגעלייגט אונ אויסגעבעבעט דאָס, וואָס ניכטערערהייט האַלט מענ עס בעסאָד אונ אונטער זיבנ שלעסער — זיכ געקלאָגט אָפּ באַלדיקנ באַנקראָט אָדער ערעוו־באַנקראָט, אונ אַלס רײַע דערצו, האָבנ

זיי פאר די, פאר וועלכע זיי האָבנ זיכ געקלאָגט, איבערגעקערט די קעשענעס אפ דער אנדערער זײַט, באַוויזנ, אז זיי זײַנענ ליידיק, כאָטש גיי, הייסט עס, לאָז זיכ איבער די הײַזער...

ביכלאל האָט מענ געזעגנ, אונ מער ווי געזעגנ, געפילט, אז בא פריצים איז אפנ הארצנ עפעס אָנגעזאָלעט. ווענ ניכטעו, נאטירלעכ, וואָלטנ זיי דאָס ניט ארויסגעויזנ, איצט אָבער איז, לויט פיל סימאָנימ, דאָס קלאָר געווענ צו דערקענענ.

אזוי, לעמאָשל, האָט דער פירשט דעניקע, דער געוויסער כאזיירימ־ציכטלער, וואָס האָט א ביסל אליינ אויכ אויסגעזענ אזא: פעט אונ קורצהאָריק, נידעריק גע־שוירנ,—האָט די גאנצע צײַט, נאָכ דעמ, ווי ער איז אונטער דער ווירקונג פונ די אויסגעטרונקענע קויסעס ארונטער, געהאלטנ דעמ קאָפּ אפ איינ זײַט אפנ טיש אָנגעשפארט, געליגנ אונ געקרעכצט, ווי א כאזער, וואָס דאָס פעטס איז אימ אונטערגעגאנ. וויפל מ׳האָט אימ ניט געשטורכעט, געפּרווט אימ פונ אָרט רירנ, ער זאָל זיכ אופשטעלנ, זיכ אופהויבנ, האָט ניט געהאָלפנ, אונ יעדערס מאָל נאָר האָט, ווי א קראנקער כאזער, ווענ מ׳רירט אימ, מ׳טאָרקעט אימ, פונ בויכ א כרוק ארויסגעלאָזט, דאָס הייסט: ער הערט, אָבער רירנ זיכ פונ אָרט וויל ער ניט, קאָנ ער ניט, איז ניט בעקויעכ.

דעמ גראפ געדרויצ האָט זיכ די גאנצע צײַט א קאָשמאר געדאכט, אז ער שפילט אינ קאָרטנ, אז ער האָט שוינ אלצ פארשפילט, אונ איצט מוז ער דאָס איינציקע, די געליבטע שקאפע, אינ קאָנ אײַנשטעלנ—זײַנ לעצט, זײַנ איינציק ציטעריק שטיק מאזל, וואָס זײַנ גאנצ גליק אונ גוירל העגנט איצט אָפּ פונ דעמ. אונ אָט פירט ער דאָס ארויס, דאָס פערד, פאר פריצימ, וועלכע האלטנ מיט אימ אינ מיט דער שפּיל: טפררר... ער האלט דאָס באמ צוימל, בלײַבט מיט דעמ שטיינ, מ׳זעט די אויגנ קריכנ אימ פונ קאָפּ, די האנט, וואָס האלט דאָס צוימל, ציטערט: טפררר... ער שטייט אונ ווארט, פריצימ זאָלנ דאָס באַוווּנדערנ, אונ הייסט דערופ קאָרטנ געבנ.—גיט קאָרטנ!—האָט ער געשריגנ. יאָ, ער האָט דאָס אײַנגעשטעלט, דאָס איינציקע...

אזוי דער, אפילע דער האלב־קראנקער קאָווראָגע, דער אייגנטלעכער שולדיקער אינ אָט דער סימכע, וואָס צוערשט איז ער שטארק האָפערדיק געווענ אפ זײַנ אויפנ. ד. ה., אפ וויפל זײַנע שארפענדיקע פיס, אונ האלב־צוגעשלאָגענער זיקאָרנ, טעלעפענדיקער צונג, אונ בלינדלעכער, גאָר ניט זעענדיקער בליק, האָבנ דאָס אימ דערלויבט; ער, וואָס איז צומ אָנהויב אומגעגאנ מײַסע־באלעבאָס, יעדער נײַ־אָנגעקומענעמ נאסט אנטקעגנ געגאנ, אופגענומענ, שוואכזיניק זיכ געווערטלט, צומ טיש אײַנגעלאדנ, געבעטנ טרינקענ, ביז ער האָט אינ יענעמ פארגעסנ אונ א נײַ־אָנגעקומענעמ אנטקעגנ געגאנ;—אויכ ער, דער גראפ קאָזוראָגע, האָט איצט מיד אויסגעזענ, טיפ אונטערגעבראָכנ, די פיס האָבנ אימ מער ניט געדינט זיכ אומצר־שלעפנ, דאָס מויל—כאָטש וואָס ניט איז ארויסצוברענגענ, אונ ער איז שוינ צעלייגט געליגנ מיט די פיס שטארק אויסגעצויגנ פאר זיכ אפ א שטול, אפ דער איינציקער ווייכער פאָטעל אינ צימער.

ער האָט אויסגעזענ קראנק, בלאס, גלײַכגילטיק צו אלעמ דעמ, וואָס ס׳קומט פאר אימ דאָ פאָר, אָבער אויסער דעמ, מיט נאָכ עפּעס א שטיקל שווערער שלעכ־

טער שטימונג, אפ וויפל צו אזא פארשוינ קאָנענ אויכ געוויינלעכע מענטשלעכע שטימונגענ צושטיינ. די שלעכטע שטימונג האָט זיכ אימ גענומענ, מעגלעכ, ביכלאל פונ די געדריקטע געשעפטנ דאָ אפנ יאריד, ווי בא אלע הײַנט, אונ וואָס דערפאר, מעגלעכ, איז אָט די דאָזיקע סימכע, צוליב צעשטרויונג, אײַנגעאָרדנט געוואָרנ. מעגלעכ אָבער אויכ איבער אנ אנדער וואָסער ניט איז סיבע—ווער ווייסט בא אימ, בא קאָזעראָגענ?—מעגלעכ, פונ זײַנ קרענק, וואָס האָט אימ שוינ גענומענ נאָענט־נאָענט צומ הארצנ צוצוטרעטנ, אונ אפ וויפל ער איז נאָכ פעיִק געווענ צו דענקענ, האָט ער אינמיטנ די גרעסטע סימכעס אפילע, דעמ מוט אונ דאָס לעצט ביסל קראפט אונ קוראזש פארלוירנ, אויסנגעבליבנ, אויסגעשעפט, אונ איז ליגנ געבליבנ מיט אויסגעצויגענע פיס פאר זיכ.

ווי ס'זאָל ניט זײַנ, נאָר אויכ ער, דער באלעבאָס אליינ, דער שולדיקער פונ דער סימכע, נישט מיט אלעמ. אונ בא אזא לאגע וואָלט אנ אנדערס מאָל נאטירלעכ געווענ, אז די סימכע זאָל זיכ פאמעלעכ־פאמעלעכ אויסלעשנ, איינציקווײַז, איינציקווײַז זאָל יעדער איינער פונ די געסט, צי פונ וועלנ אָפברעכנ, צי אינ אנדער באדערפעניש זיכ נייטיקנדיק, די טיר געפונענ, ארויסגייִנ אונ זיכ צוריק מער ניט אומקערנ, אונ אויס, ווי ס'ענדיקנ זיכ טאָמעד אזוינע סאָרטנ-סימכעס.

האָט אָבער דאָס מאָל געטראָפנ, אז ווי נאָר ס'האָט שוינ טאקע בא דעמ גע־האלטנ, ווי נאָר די פריצימ האָבנ זיכ שוינ טאקע געהאלטנ באמ צעקריכנ, אזוי האָבנ זיי, ווי באטרינקענע זיי זײַנענ נישט געווענ, באמערקט, ווי איינער א זייעריקער, וואָס איז די גאנצע צײַט געשטאנענ אונ מיט פארמאכטע אויגנ זיכ עפעס שיקער־לעמעלדיק געשאָקלט מיטנ פאָנעמ צו דער וואנט, אפ וועלכער ס'איז געהאנגענ דער פאָרטרעט, וועגנ וועלכנ מיר האָבנ פריִער דערמאָנט—דער ביליק־פארביקער לובאָק, דער לובאָק מיט דער קייסער־צורע,—אזוי האָבנ זיי באמערקט, אז ווי יענער האָט עפעס פלוצלומ דעמ קאָפּ א הויב געטאָנ אונ דערזענ, ווער ס'הענגט איבער אימ, אזוי האָט ער א גיי געטאָנ אפ צוריק עטלעכע שפאנ, זיכ גלײַכ אנטקעגנ פאָרטרעט געשטעלט, אונ אזוי שטייענדיק אונ קוקנדיק אפ אימ, האָט ער זיכ פלוצלומ צע־לאכט: צעלאכט מיטנ פולנ מויל, מיטנ פאָנעמ אונ מיט די אויגנ, וואָס האָבנ זיכ אימ, ווי ניכטער אופגעעפנט; זיכ צעלאכט אזוי, גלײַכ עטלעכע פאָר הענט האָבנ אימ ערגעצ אינ פארבאָרגענע ערטער גענומענ קיצלענ; אזוי, אז אלע האָבנ, קוקנדיק אפ אימ, זיכ פונ זײַנ געלעכטער אָנגעשטעקט, אלע האָבנ, איינער דעמ אנדערנ מיט א פינגער אפנ פארשוינ אונ אפנ פאָרטרעט אָנווײַזנדיק, זיכ גע־קאטשעט, יעדערנס לאכנדיק פאָנעמ אונ טײַטלדיקער פינגער האָט דעמ צווייטנס געלעכטער געטאָפּלט, געדרײַפאכט, אונ דערפירט דעמ אנדערנ צו קראמפ אינ בויכ; אזוי, אז ווער ס'וואָלט דעמלט אָנגעקומענ פונ א דרויסנ אינ יענער שטוב, אינ יענעמ צימער ארײַנ, וואָלט געמיינט, אז ער האָט אינ א קרײַז וויסטע מעשוגאָיִמ אָנגעטראָפנ, פונ וועלכע אָדער ער וואָלט זיכ דערשראָקנ אונ וואָלט גלײַכ צוריק אינ דרויסנ ארויס, אָדער ער וואָלט זיכ אליינ אָנגעשטעקט אונ צוזאמענ מיט אלע מעשוגע מיטגעלאכט.

— זע,—האָט יענער, דער ערשטער, וואָס האָט באמ אוילעמ דעמ געלעכטער ארויסגערופנ, אויסגעשריגנ—זע, דאָס איז דאָכ ער, דער, דער געוויסער קעניג

אכאשוועריש, וואָס פונ הודו ביז קוש. אָט מאָזשא, דאָ מאָזשא, פונ וויַסנ ביזנ שווארצנ; אפ קאזאנער, אסטראכאנער אונ קרימער כאנעס, אפ זאפאָראָזשער סיטשעס, אפ פוילנ, ליטע אונ זשמוד אונדזערע—איינ האנט, איינ איַזערנע פויסט, איינ שטיוול, איינ סיביר פאר אלעמענ, איינ טליַע מיט איינ שטריק מיט א שלייפ אפ אלעמענ...

ער האָט זיכ אָפּגעשטעלט, פארהאקט, דער רעדנער; דער שיקערער געדאנק האָט זיכ אימ איבערגעריסנ, קיינ ווערטער האָבנ אימ ניט געסטיַעט, אונ ער האָט, מאכמעס מאנגל אינ געדאנק אונ אינ וואָרט, פארענדיקט מיט א שפּיַ.

— טפו! טפו!—האָט זיכ בא אלע, מילנדיק, צי ניט ווילנדיק, ארויסגעריסנ אונ אלע האָבנ אינ כאָר אויסגעשפּיגנ—טפו!

פונעמ שפּיַ אונ פונעמ ערנסט, וואָס האָט דעמלט פלוצימ, ווי אלעמענ אויסגעניכטערט געמאכט, האָט זיכ אופגעכאפּט אפילע אזא, ווי דעניקע, וועלכער איז די גאנצע ציַט אפנ טיש אָנגעבויגנ מיט א זיַט קאָפּ געשלאָפנ, האָט א קראנקנ כאוער נאָכגעמאכט אונ שווער בעאָטעמט, ווי יענער.

ער האָט זיכ אופגעכאפּט, האָט די אויגנ געעפנט אונ דערזענ: אלע, ווער ס'האָט פריִער בעזוכט די טיר אפ ארויסגיינ, אלע, ווער ס'האָט זיכ פריִער אפ די ווענט געדראפּעט, אויכ די, וואָס האָבנ נאָכ געהאט, ווי ער האָט געדענקט, געטרינקענ, אליינ אָדער אינ צווייענ, אינ קאָמפּאניעס,—אלע זיַנענ איצט מיטאמאָל, ווי פונ א קאלטנ שפּריצ דערפרישט, בלאס, האלב אופגעוואכט געשטאנענ, ניט גערעדט אונ ניט געזאָגט גאָרניט.

דער ערנסט פונ דעמ, וואָס אלע פריצימ האָבנ זיכ איצט אנטקעגנ פאָרטרעט געשטעלט, געשטאנענ אונ נאָר וואָס אויסגעשפּיגנ, האָט בא אלע דאָס וויַטערדיקע לאָשנ פונ מויל צוגענומענ. נאָכ מער: אלע האָבנ זיכ מיטאמאָל, ווי צומ סייכל קומענדיק, אפילע ארומגעקוקט, זענ, צי איז ניטאָ דאָ צווישנ זיי אזוינער, וואָס זיַנ אָנוועזנהיַט איז ניט איבעריק אינ אזא פאל געוווּנטשנ. אלע האָבנ זיכ מיטאמאָל, ווי דערמאָנט אינ גאָרלעצקי דעמ פּריסטאוו, וואָס די גאנצע ציַט האָבנ זיי שוואכ געדענקט זיַנ געפונענ זיכ פונ אונטער יענער זיַט טיר, אונ וועמ יאָ געדענקט, האָט ער זיי ניט אויסגעמאכט, עלעהיי א הונט דאָרט; איצט אָבער האָבנ זיי זיכ אינ אימ דערמאָנט. אונ עפּשער ניט אזוי אינ אימ, נאָר ביכלאל אינ דער טיר, וואָס ווער ווייסט, ווער ס'קאָנ צופעליק אינ איר אריַנקוקנ, אָדער גאָר אומגעריכט אריַנגיינ, זיכ באוויַזנ...

נאטירלעכ, אז די אייגענע,—ד. ה. יענע אלע, וועלכע זיַנענ בא דער נאָר־וואָסיקער סצענע אינ שטוב ביַגעווענ, האָט קיינער ניט כוישעד געווענ, אפילע ניט סווענטיסלאווסקענ, וואָס ווער ס'וואָלט אפ אימ דעמלט א רעכט־פאָרשנדיקנ אונ אויספּרוּווּנדיקנ בליק געטאָנ, וואָלט געזענ, אז כשאד בענעגייע אימ איז שוינ דאפקע גאָרניט אזוי איבעריק. אזויוי קיינער אָבער האָט אימ, ווי די אלע אייגענע, אינ וועלכע מ'איז גוט זיכער געווענ, אפנ זינענ ניט גענומענ אונ צומ שלעכטנ אונ צומ ערגערנ ניט אויסגעטיילט, אונ אזוי ווי דאָס פריצישע בייזע בלוט האָט זיכ שוינ, שטייענדיק אנטקעגנ דעמ, אנטקעגנ וועמענ זיי זיַנענ נאָר וואָס ארויסגעטראָטנ, שוינ שטארק צעקאָכט; דערמאָנענדיק זיכ אלע אוולעס, וואָס איז יעדערנ

פונ זיי אליינ באגאנגענ געוואָרנ, די אוולעס בענעגייע זיי אליינ, וואָס בא זיי האָט מענ נאָר געוויסע רעכט אונ פריווילעגיעס געריבט, אָבער, סאָפקאָלסאָפ, איז זיי נאָכ גענוג אונ היפשלעכ פארמעגנ געבליבנ; אָבער דעריקער, דערמאָנענדיק זיכ אינ יענע אלע, וועלכע זיי האָבנ געקאָנט, געוווּסט, וואָס ניט נאָר זייער פארמעגנ באריבט, קאָנפיסקירט אונ פונ דער מעלוכע צוגענומענ געוואָרנ, נאָר אויכ זיי אליינ פאריאָגט, אינ וויַטנ סיביר פארטריבנ, אָדער גאָר אנדערע, וואָס זיַינענ צעהאנגענ, צעשאָסנ אונ ביז טויט פארשמיסנ געוואָרנ; דערמאָנענדיק זיכ דאָס אלצ, האָבנ פריצימ זיכ מער ניט געקאָנט אופהאלטנ אונ דעמ, וואָס אפ דער וואנט פאר זיי, דעמ, וואָס איז אפ דער וואנט געהאנגענ אונ האָט צו זיי אינ קייזערלעכער זיכערקיַיט אראָפּגעקוקט, אונ, ווי זיי האָט זיכ געדאכט, זיכ נאָר גערייצט מיט זיי, אז קיינער פונ זיי וועט ניט וואגנ ניט נאָר אימ אליינ, דעמ לעבעדיקנ, נאָר אפילע אָט דאָס ביליקע געמעל אפ דער ביליקער וואנט אינ דער ביליקער אכסאניע ניט אָנצורירנ—אָט דאָס האָבנ שוינ פריצימ נישט געקאָנט איבערטראָגנ, אונ ווי ניט ניכטער זיי זיַינענ שוינ געווענ, האָבנ דאָכ אלע מיטאמאָל, ווי זיכ אָפּגערעדט, די פויסטנ אינ דער ריכטונג צומ פּאָרטרעט א הויב געטאָנ, איינער האָט דערביַי געדראָט מיט ווערטער, אימ, דעמ פארשויִנ פונ פּאָרטרעט אינ צורע צו דערלאנגענ; אנ אנדערער דערמיט—„אז זאָל ער געדענקענ, אז דער מישפּעט מיט אימ איז נאָכ ניט געענדיקט, אז דאָס צעטיילנ אונ באריבנ פוילנ איז ניט אפ לאנג, ניט אפ אייביק אונ די פארגאָסענע בלוטנ ניט קיינ געשענקטע; אונ א דריטער האָט, דעמ פויסט אנטקעגנ פּאָרטרעט האלטנדיק, זיכ שוינ געהאט צעזינגענ דעמ געוויסנ „יעשטשאָ פּאָלשא ניע סגעניל״... אונ ס׳האָט שוינ געהאלטנ דערביַי, אז באלד וועלנ אלע דאָס געזאנג אונטערכאפּנ, אונ, מעגלעכ, דערמיט וואָלט זיכ די זאכ געווענ פארענדיקט, אונ פריצימ וואָלטנ דערנאָכ וואָס וויַיטער, אלצ מער ניכטער ווערנדיק, נאָכ דער נישטיקער וואָרט־מילכאָמע מיטנ פּאָרטרעט, אינ אָנמעכטיקיַיט אונ פאכדאָנעס די שטוב געוועננ פארלאָזט אונ אינ זייערע צימערנ זיכ צעקראָכנ.

האָט אָבער געטראָפנ, אז אינ דעמ מאָמענט, ווענ יענער, דער זינגער, האָט די ליד פארצויגנ, אזוי האָט פלוצלומ,—קיינער האָט ניט באמערקט, פונ ווו אונ פונוואנענ,—א שאָס זיכ דערהערט. ווענ אלע זיַינענ געפּלעפט אונ דערשראָקנ געבליבנ, זיכ ארומקוקנדיק, פונוואנענ גייט ער, פונוואנענ קומט ער, דער שאָס, אזוי האָבנ זיי דערזענ, ווי דער יונגער, האלב־קראנקער גראפ קאָזעראָגע איז א בלאסער, מיט איינ האנט אָנגעשפּארט אינ ווענטל פונ זיַינ שטול, געשטאנענ, אונ אינ דער אנדערער האָט א פּיסטאָליעט געהאלטנ. ער האָט שוינ איינמאָל, וויַיזט אויס, אויסגעשאָסנ, אונ אויכ צומ צווייטנ מאָל האָט ער זיכ געפּרוּווט דאָס שיס־צינגל מיט א שלאבעריקנ פינגער צוצוקנ אונ געוואָלט צומ צווייטנ מאָל דאָס פונ אָרט רירנ, אָבער, צי פונ שלאבעריקיַיט, צי פונ דערשרעק, האָט זיכ עס ניט געלאָזט, אונ אָנשטאָט א שאָס פונ זיַינ, פונ גראפס, פּיסטאָליעט, האָט זיכ פונ אנ אנדער ווינקל,— נישט וויסנדיק ווידער פונ ווענענ אונ פונ וואנענ,—א צווייטער דערהערט.

אגעוו: קוקנדיק אפנ גראפ, האָט זיכ געדאכט, אז פונ אזא האנט, ווי זיַינע, אינ זיַינ שטאנד, אינ זיַינ שלאבעריקיַיט, האָט אויכ דער ערשטער ניט געקאָנט קומענ, אונ א גרויסע סוואָרע, אז דאָס האָט עמעצער א צווייטער, אימ מיטנ פּיסטאָליעט

דערזעענדיק, פאר אים און פאר זײַנ שלאבעריקער האנט אויסגעשאָסנ און אים נאָר פאר זײַנער א שירמע אויסגענוצט.

ווי ס'זאָל ניט זײַנ, נאָר באלד האָבנ אלע די אויגנ אויסגעקערעוועט אהינ, וואהינ דער שאָס איז געצילט געוואָרנ. מ'האָט דערזענ, אז דער פּאָרטרעט איז אינ דער קרוינ און אינ דער ברוסט געלעכערט, די דורכגעשאָסענע לעכלעכ רויכערנ זיכ נאָכ, דער פּאָרטרעט געשענדעט און פארשעמט און אפ אלע פּנעמער, דאָס צוקוקנדיק,—א שטומע איימע.

— פאנאָווע, ווער האָט דאָס געטאָנ?—האָט זיכ, ווי פונ א פרעמדנ, נישט פונ קיינעם פונ די בײַוועזנדיקע, א קאָל דערהערט, גלײַכ פונ איינעם, וואָס האָט פּלוצלינג, די טיר עפענענדיק, אינ שטוב זיכ ארײַנגעשטעלט.

ווירקלעכ: דערהערנדיק א שאָס, האָט זיכ גאָרלעצקי, ווי פארזויפנ 'ער איז ניט געווענ פונ די פיל קויסעס, וואָס ער האָט דערלאנגט באקומענ, סײַ פונעם באלעבאָס, פונ נאָסנ־נאָטענ, סײַ נאָכ מער פונ סווענטיסלאווסקינ, וואָס ער האָט אים די גאנצע צײַט געהיים, ווי פונעם הארבל און אונטער ארומ, אז קיינער זאָל ניט זענ און צוליב געווײַסע צוועקנ, אונטערגעטראָגנ,—ווי שיקער גאָרלעצקי איז ניט געווענ, האָט ער דאָכ, דערהערנדיק א שאָס פונ שטוב ארויסקומענ, ווי אופגעוואכט. דער מאכט־מענטש און אָרדענונג־היטער האָט זיכ אינ אים אופגעכאפּט און ער האָט האלב־דרייסט, האלב־דערשראָקנ די טיר אופגעעפנט און דעמ קאָפּ ארײַנגעשטעקט.

סווענטיסלאווסקי אָבער האָט, ריכטנדיק זיכ דערופ, אים זײַנ קאָפּ גלײַכ בא דער טיר שוינ באגעגנט און אים באַרויִקט, אים געהייסנ זי פארמאכנ, אזוי, אז דאָס קאָל, א סוואָרע,—די פראזע „ווער האָט דאָס געטאָנ, פאנאָווע״ איז גאָר ניט פונ גאָרלעצקינ, נאָר פונ אנ אנדערנ וועמענ געקומענ.

פריצים האָבנ גלײַכ פארשטאנענ מיט וואָס דאָס שמעקט. בא אלע האָבנ די צורעס אויסגעזענ, ווי איינ שולד אפ אלע, ווײַל אלע טאקע שולדיק, און אויב דער ערשטער שאָס, האָט מענ געמיינט, איז זיכער געקומענ פונעם גראפ, איז אינ דעמ צווייטנ, וואָס מ'האָט שוינ ניט באמערקט פונ וועמענ, האָט מענ שוינ יעדערנ פונ זיי געקאָנט כוישעד זײַנ.

אינ דער מינוט אויכ, מ'ווייסט ניט ווער, נאָר עפּעס האָט עמעצער אפ א בענקל זיכ ארופגעכאפּט און די ליכט אויסגעלאָשנ, די ליכט פונעם הענגענדיקנ בליצ־לאָמפּ. דערנאָכ האָבנ שוינ אלע, פאר אומבאוווסטער מוירע, ווײַזט אויס, וואָס האָט אלעמענ ארומגעכאפּט, ווער ס'האָט לעבנ זיכ אפנ טיש א ליכט שטיינ געהאט, אויכ זי אויס־געלאָשנ.

מ'איז געבליבנ אינ דער פינצטער. מ'האָט געקאָנט מיינענ, אז דאָס האָט מענ געטאָנ צוליב היימלעכקײַט וועגנ, ווי קעדיי איינער אפנ אנדערנ ניט צו קוקנ, ווי זיכ צו באַדענקענ, און עפּשער אויכ, אז אינ דער פינצטער זאָל יעדערער די מעג־לעכקײַט האָבנ, ווי ניט איז זיכ אָנ שולד אָדער ווייניקער שולדיק ארויסרוקנ.

אינ דער זעלבער מינוט איז דער פּאָרטרעט אפ דער וואנט ניט געבליבנ, וויפל די פריצים האָבנ אים דערנאָכ ניט געזוכט, איז ער ווי אינדרערד מיט די שפורנ פארשווינדנ.

אינ דער מינוט אויכ האָט אינ איינער און דער זעלבער צײַט קימאט יעדערער

בא זײַן אויער עפּעס אײנעם א מענטשנס מויל דערפילט, װוּהין דאָס מויל האָט אײַלנדיק און װי בעסאָד אַרײַנגעזאָגט:

— פּריצים, די זאַך איז ערנסט. ס'לאָזט זיך נאָך פאַריכטן, נאָר מ'דאַרף געלט, א פולע געלט.

דערבײַ האָט דאָס מויל אָנגערופן אזא סאָרט סומע, װאָס האָט יעדער צוהערער געמאַכט אופּציטערן פיל מער נאָך, װי פון דעם נאָר װאָס פאָרגעקומענעם, װאָס האָט געשמעקט מיט מעלוכע־פאַראַט, מיט באַלײדיקן זײַן מײַעסטעט דעם קײסער, און דערפאַר, אין אזא צײַט, און צו אזוינע, װי צו זײ, װי צו די פּריצים, קאָן אָנגעװענדעט װערן דאָס שטרענגסטע,—אָנהײבן פון שמיץ, פון פאַרשיקן, ביז מעגלעך, טויט־שטראָף אפילע.

די אָנגערופענע סומע אָבער איז העכער געװען ניט נאָר פון די באַגרענעצטע פּריצישע מעגלעכקײַטן איצט דאָ אפן שלעכטן האַלבן טויטן יאַריד, נאָר אויך אפילע, װען ניט שלעכט, װען אין אַנדערע צײַטן, א גרויסע, נישט נאָר פאַר אײן פּאָרעצ, נאָר אפילע פאַר אסאַך, װען זײ װעלן זיך צונויפלײגן.

— די זאַך האַלט שלעכט,—האָט דאָס מויל װידער אין יעדער אויער אַרײַנגערעדט,—זאָלן זיך פּריצים באַדענקען. ס'איז בא א ייִדן אפ דער אַכסאַניע, דערבײַ אויך א פאָרשטײער פון דער מאַכט... מאָרגן קאָן דאָס איבערגעגעבן װערן, װו מ'דאַרף, אפן גאַנצן שטאָט זיך צעטראָגן. דער מאַמאָשעסדיקער באַװײַז, דער פאָרטרעט, פאַרשװוּנדן. װער װײסט, אין װעמענס הענט ער האָט אַרײַנגעטראָפן. מ'דאַרף זען אים אויסגעפינען און פאַרניכטן. אַלץ איז נאָך מעגלעך. מ'דאַרף נאָר גוט באַשמירן. אַניט, זאָלן פּריצים דערנאָך קײן כאַראָטע ניט האָבן.

---

אפ א שפּעט־באַנאַכטיקער באַראַטונג צװישן פּריצים אין יענער זעלבער טאַקע אַכסאַניע, װו דער הויפּט־אָנפירער און דער הויפּט־אײַצע־געבער דעמלט איז געװען סוװענטיסלאַװסקי, מאַכמעס אַלע איבעריקע דערשראָקענע און צעטומלטע נאָך יענער שװערער געשעעניש, איז באַשלאָסן געװאָרן: דאָס געלט צונויפנעמען און דאָס פאַרטײלן װעמען ער, סוװענטיסלאַװסקי, װעט געפינען פאַר נײטיק.

אַלע זײַנען שוין איצט איבער עפּעס זיכער געװען, אז דאָס געלט בלײַבט בא אים. אז אויך דער פאָרטרעט בא אים. יענעם אָװנט איז ער פון אַלעמען דערקענט געװאָרן. אָבער קײן אַנדער ברײרע איז ניט געװען, װי נאָר—אָדער אים דאָ אין אַכסאַניע צו דערשטיקן, װאָס אפ דערױף זײַנען, װײַזט אויס, קײן באַלאָנעם און קײן אײַנשטעלער נישט געװען, אָדער זשע זיך לאָזן נאַרן און פון אים קלוימערשט באַזאָרגט װערן. און דאָס האָט מען טאַקע געטאָן, און דאָס אײנציקע, װאָס מ'האָט נאָר געקאָנט אין אזא לאַגע, איז געװען—בא אים זיך אפ א קלענערער סומע אויסדינגען, װאָס דאָס האָט מען אויך געטאָן, זיך אויסגעדינגען, אָבער װי קלענער זי איז ניט געװען, די סומע, דאָך נאָך אפ אזויפיל גרויס, אז װעגן דעם, װי־אזוי זי צוזאַמענצונעמען זאָל זיך, בא די איצטיקע באַדינגונגען, קײן אײן פּריצישער מוח ניט פאָרשטעלן און אפילע ניט קאָנען פאַנטאַזירן.

— און געלט, פּריצים?

— געלט איז בא די ייִדן. מ'מוז זיך זען ווענדן צו זיי. ייִדן וועלן פריצים ניט פארלאָזן, זיי אויסלייזן, זיי אין די נויטן שטיין.

און דאָס האָט שוין אפ זיך גענומען אליין סווענטיסלאווסקי, וועלכער האָט געקאָנט די זאך אזוי אויסלייגן און פאָרשטעלן, אז דער פריוואטער אינטערעס פון די פריצים,—דאָ געמיינט, די סאקאָנע, וואָס איז זיי פאָרגעשטאנען,—זאָל אויך אלגעמיינער שטאָטישער אינטערעס און שטאָטישע סאקאָנע ווערן. דערופ איז ער געווען א בעריע, און דאָס דורכצופירן האָט ער אליין אפ זיך אונטערגענומען.

---

ווי̇אזוי סוועטיסלאווסקי איז דערנאָך געקומען צו ר' דודין, צו אונדזער באַקאנטן און באוווסטן ראָוו אין שטאָט און אויך אפ דער גאנצער געגנט—צי אליין, צי דורך עפעס עמעצנס פארמיטלונג פון איינעם זײַנעם א באקאנטן ייִדן—ווייסן מיר ניט. מיר ווייסן נאָר, אז שוין אפ מאָרגן איז צו ר' דודין אינמיטן גאנצפרי, אינמיטן יאריד, ווען מענטשן זײַנען אזוי פארנומען און די צײַט אזא ברענענדיקע, אן אסיפע צונויפגערופן געוואָרן. נאטירלעך פון „פניי", נאטירלעך, אויך, אז דאָס מאָל ניט פון ראבאָנעם און גלאט כשיווים, נאָר דעריקער טאקע געלט-לײַט, רײַכע, וואָס צו זיי האָט ער, ר' דודי, זיך מיט יענעם איניען געווענדעט, און וואָס דעריקער פון זיי האָט מען אין דעם פאל געקאָנט עפעס וואַרטן.

אויסגעלייגט האָט ר' דודי די זאך אזוי: אז דער איניען איז דאָס מאָל נויגייע נישט נאָר פריצים, נאָר אויך קימאט ייִדישן קאָהאָל.

— זאָל מען נאָר באטראכטן,—האָט ר' דודי געזאָגט,—דאָ שמעקט מיט מערידע. און אזוינע זאכן ווערן ניט געשענקט. די שולדיקע וועלן געוויס זייער שטראָף און ערלעך אויסקומעניש באקומען. וואָס דאָס הייסט—ווייסן אלע. פריצים קאָנען זיך אליין ניט אויסקויפן. פריצים זײַנען פארבאָדן אין כויועס, ביכלאל, באזונדערס אָבער נאָר דאָס יאָר, ווען געלט איז אזוי קנאפ איבער דער אומגערעטעניש.

— מ'דארף געדענקען,—האָט ר' דודי פאָרגעזעצט,—אז אויב פריצים וועלן דאָ לײַדן, וועלן מיטלײַדן מיט זיי ניט נאָר פיל דאָרפס-ייִדן—שענקערס, ארענדארעס, פאָסעסאָרס,—נאָר אויך שטאָט-לײַט, מיט וועלכע די פריצים זײַנען מיט זיי מיט געלט-אסאָקים פארבונדן. ער מיינט, אויך בעסויכעם אלע די, וואָס זיצן דאָ, וואָס האָבן זיך צו אים אפ דער אסיפע צונויפגענומען.

— זאָל מען דערום געדענקען: נעמט מען זיי צו, די פריצים, אזוי מעגן זיך אלע מיט זייערע כויוועס אָפגעזעגענען. טוען מיר אָבער פארקערט, און שלעפן זיי ארויס פון דער צאָרע, אזוי וועלן פריצים די זאך געדענקען און ייִדן וועלן דערפון גרויסע טויוועס האָבן.

עמעס, ס'איז אויך דאָ א געפאר, אז אויב, כאָלילע, מ'זאָל זיך דערפון דערוויסן, אז ייִדן האָבן זיך אין אזא זאך געמישט, קאָן זײַן א בילבל אפ קאָהאָל. די זאך איז אָבער באוואָרנט; דער איינציקער, וואָס איז בײַגעווען ביים יענער מײַסע, און וועלכער קאָן שלעכט איידעס זאָגן, מיינט דאָ ניט מער, ווי נאָר ארויסציִען פאר זיך א בעוויסע טײַוועס האנאָע, א געוויסע סומע געלט. זיכערע מענטשן פארזיכערן, אז מער, ווי געלט, איז דאָ יענער ניט אויסן. א סוואָרע אויך, אז אין דער גאנצער מײַסע איז ער אליין טאקע דער שולדיקער. א סוואָרע אויך, הייסט עס,

אז דאס האבן ניט די פריצים געשאסן, נאר יענער אליין טאקע, דער, וואס האט שוין, ווײַזט אויס, לאנג פארטראכט פון אזא מײַסע רײַך צו ווערן, און איצט האט אים דער גליקלעכער פאל געטראפן—אן אויסוווּרף, א מוסער. באווײַזן קאן מען דאס אבער ניט. פון דער אנדער זײַט אבער איז דער פארשוין אליין מיט זײַן באשולדיקונג, זעט מען, ניט איבעריק זיכער. ער אײַלט דערום דאס ניט קאשער פארדינטע געלט ארײַנצובאקומען, קעדיי וואס גיכער אליין פון דעם אייסעק זיך ארויסדרייען, פאטער ווערן. דער פארטרעט געפינט זיך בא אים, ער וועט קיין געלט ניט באקומען, ביז ער וועט פאר די פריצים ניט געבראכט ווערן, זיי איבערגעבן אף אים צו פארניכטן. מוירע האבן, אז דערנאך, נאכן געלט באקומען, זאל יענער ווידער די זאך ניט אופוועקן און ווידער פארמאסערן, דארף מען ניט, ווײַל, ערשטנס, ווער וועט אים שוין גלויבן אן א באווײַז, און דעריקער, וואס דעמלט שמעקט ער אליין אין סאקאנע, טאמער וועט די פריצימס אומשולדיקײַט באוויזן ווערן, און אלץ קאן ארופגעווארפן ווערן אף אים, דערפאר, וואס ער האט אזא זאך געטאן צוליב ריינעם שווינדל. ביז דער באווײַז אבער איז בא אים, האבן פריצים, מאכמעס מוירע מיט אים זיך אנצוהייבן, באשלאסן נאכגעבן. קיין געלט אבער איז בא קיינעם ניטא, און ער, דער פארשוין, אײַלט, פאדערט: הײַנט, באלד, שוין. אניט, ווארנט ער, איז שלעכט, קאן די זאך איבערגעגעבן ווערן ווײַטער, וואס דעמלט וועט שוין קיין זאך ניט פוילן. מ'מוז זיך דערום אן אייצע געבן, און הײַנט, מארגן דאס געלט ארײַנקריגן.

— ער ווייסט, ר' דודי, אז בא אלעמען איז איצט ענג, אז אין געלט איז גרויסער מאנגל, אבער די טויווע פון די פריצים און די טויווע פון אלעמען פאדערט, מ'זאל טאן, וואס נאר מעגלעך, און א שעמאסבארעך וועט העלפן...

איינער פון די, צו וועמען ר' דודיס רייד זײַנען געווענדעט געווען אין אט דער דאזיקער אף־גיך־צונויפגערופענער אסיפע, איז געווען אויך מוישע מאשבער, וואס ווערליק זײַן נאמען און אנזען אין שטאט, און אף וויפל אויך ער איז פארינטערעסירט געווען אין דעם איניען, מאכמעס אויך ער האט דאך בא די פריצים מיט גרויסע סומעס געשטעקט, איז אויך אף אים איצט אויסגעפאלן א געוויסע טייל געלט ארײַנצוקריגן.

ער, ווי אלע איבעריקע, האבן זיך, נאטירלעך, צוערשט שטארק אופגערעגט און, אויסהערנדיק די מײַסע, האבן די ערשטע מינוטן געמיינט און זיך געוואלט פונעם גאנצן איניען אפשאקלען: וואס דארפן מיר זיך מישן, און זאלן די פריצים־מאיאסעניקעס טאן, וואס זיי ווילן. אז מ'האט אבער נאכאמאל און נאכאמאל די מײַסע אפן געדאנק גענומען און זי פון אלע זײַטן באהאנדלט און אן ערנסטן טראכט געטאן פון די רעזולטאטן, וואס קאנען זיך פאר יעדן איינציקן פון די אנטיילנעמער אין דער אסיפע, זיך באקומען, און אויך טאקע פאר א גרויסן טייל יידן, וואס ניט דא אף דער אסיפע,—האט מען סאפקאלסאפ דערזען, אז ס'איז איין ברייררע, אז קיינער, אויסער די פארזאמלטע, איז דא טאקע ניט אומשטאנד עפעס צו טאן. און אז טאן מוז מען. האט מען געקרעכצט און זיך אין די קעפ און אין די בערד געקראצט, אבער ענדלעך האט מען זיך געמוזט אונטערגעבן און יעדערן,

וויפל ס'איז אפ אימ אויסגעפאלנ אונ ארופגעלייגט געוואָרנ, האָט געמוזט צוזאָגנ אויספילנ, אונ טאקע שפעטסטנס מאָרגנ דאָס געלט צושטעלנ.

אז מוישע מאשבער האָט זיכ דערמלט, גלײַכ פונ ר' דודינ גייענדיק, צו זיכ אינ קאָנטאָר ארײַנ באַוויזנ, האָט ער באלד זײַנ איידעמ, דעמ אונדז באקאנטנ נאָכעמ לענטשער אינ באראטונגס־צימער ארײַנגערופנ. ער האָט אימ, ווי א פארטרויונגס־מאנ אינ אלע זײַנע איניאָנעמ, אויכ דעמ איניענ אונ די זאכ מיט די פריצימ איבערדערציילט אונ איבערגעגעבנ, זיכ מיט אימ וועגנ דעמ אויסגעאייצעט, אונ, דעריקער, אימ א פרעג געטאָנ:

— ווי האלט עס בא אונדז הײַנט מיטנ קאסע־באלאנס?

— באלאנס איז באלאנס, אָבער די קאסע איז ליידיק,—האָט נאָכעמ געזאָגט,— איר ווייסט דאָס אליינ, שווער, אונ עכ האָב אײַכ ניט וואָס צו דערציילנ.

ער איז גערעכט געווענ, נאָכעמ: מוישע מאשבער האָט, ניט פרעגנדיק, אליינ זייער גוט די לאגע געוווסט, געוווסט, אז ס'איז ניט קיינ יאריד, נאָר א טרייפע, פאר אלע, באזונדערס אָבער פאר אזוינע, ווי ער, פאר געלט־ אונ קאָנטאָר־לײַט, וואָס האָבנ פאר דער צײַט באָרניט ניט ארײַנבאקומענ. קיינער פונ די באלכויוועס האָט דאָס יאָר ניט, ווי אלעמאָל, אפילע אפ דער שוועל זיכ ניט געוויזנ, ווי יעדערס מאָל אינ דער צײַט—מיט פריילעכ אופגעלייגטע פענעמער זיכ צעצאָלנ אונ וועגנ נײַעמ אָפצורעדנ, געשפרעכנ פירנ. פארקערט, אויב עמעצער האָט זיכ יאָ געוויזנ, האָט מענ אימ גלײַכ אינ דער נאָז דערקענט, אינעמ טרויעריקלעכ שולדיקנ בליק, אז געקומענ איז ער נאָר בעטנ די זמאנעמ פונ די וועקסלענ צו פארלענגערנ אונ עפשער וועט זיכ אימ אויכ אײַנגעבנ, אויסער דער אלטער האלוואָע, אויכ א נײַע ארײַנצוקריגנ.

מוישע האָט דאָס זייער גוט געוווסט. דאָכ האָט ער אנדערש טאָנ, ווי יאָ אָנטייל צו נעמענ אינ דער נײַער האלוואָע פאר די פריצימ, נישט געקאָנט טאָנ. זײַנ נאָמענ אונ זײַנ שטעל האָט דאָס געפאָדערט, זײַנ שעמ אונ זײַנ לאגע צווישנ סאָכרעמ, וואָס אָפזאָגנ זיכ וואָלט געהייסנ, אז ער איז מיט עפעס הינטערשטעליק, אז אינ די געשעפטנ בא אימ איז ניט איבעריק, וואָס דערצו טאָר קיינער, ביפראט אזא, ווי ער, מוישע, נישט דערלאָזנ.

באזונדערס האָט ער דאָס געמוזט איצט נאָכדעמ, ווי אפנ יאריד—מ'ווייסט ניט פונוואַנענ ס'האָט געשטאמט, צי פונ רודניצקי דעמ פאָרעצ אליינ, וועלכער האָט זיכ, מעגלעכ, בישאס שיקרעס פאר עמעצנ אויסגערעדט, צי ייִדנ־מעקלער האָבנ אליינ די זאכ אויסגעשנאָרעט אונ געהוירע געוואָרנ—נאָכדעמ, אז מ'האָט זיכ דערוווסט, אז רודניצקי האָט מוישענ א גרויסע סומע אָנגעזעצט, אונ אויכ די גאנצע מײַסע, ווי אזוי ער האָט בא נאָכעמענ די וועקסלענ אויסגענארט, אונ צווישנ סאָכרעמ אונ מעקלער האָט מענ דערפונ היפש גערעדט, אונ דאָס, וואָס מוישע האָט דאָס ביז אהער פארשטעלט, פארבאהאלטנ, אז קיינער זאָל דערפונ ניט וויסנ, האָט מענ צו שלעכטנ אויסגעטײַטשט—„א סימענ—האָט מענ געזאָגט—אז בא מוישענ איז שוינ גאָר ניט אזוי פויגלדיק, וואָרעמ ווענ ניט, איז וואָס איז דאָ צו באהאלטנ?"...

ס'האָט שוינ געהאלטנ אפילע דערבײַ, אז מוישעס באשטענדיקע פראָמילניקעס, די, וואָס קריכנ קיינמאָל ניט ארויס פונ קאָנטאָר, אונ וואָס יעדער וואָרט, וואָס זיי

ווענדנ זיכ צו אימ מיקויעכ בעשעפט, ווערט באגלייט פונ זיי מיט א היפש ביסל כניפע אונ אונטערלעקערייַ, ווי שאָלעמ שמאריאנ אונ צאלי דערבארעמדיקער אונ נאָכ,—האָט שוינ געהאלטנ דערבייַ, אז געווירע-ווערנדיק יענע זאכ אונ, אפּאָנעמ, ברויגעז זייַענדיק, פארוואָס זיי אליינ האָבנ דאָס ביזנ יאריד ניט פּאָרויסגעפילט, פּאָרויסגעטראָפנ—האָבנ אימ שוינ מיט א מינ באליידיקנדיקער האָזע אָפּט אינ די אויגנ געקוקט, ווי זיכ בארימענדיק, אז זיי וויסנ פונ דעמ, פונ יענער זאכ, וואָס ער האָט ניט געוואָלט אונ ס'האָט אימ ניט געלוינגט, אז מ'זאָל וויסנ.

יאָ, ס'האָט שוינ געהאלטנ אויכ דערבייַ... מוישע מאשבער האָט דערומ איצט געמוזט זייַנ שעמ אונ שטעל אונטערהאלטנ, פאר אלעמענ, פאר סאָכרימ, געלט-לייַט, וואָס ער האָט מיט זיי צוזאמענ אינ דער אסיפע בא ר' דודי דעמ ראָוו אָנטייל גענומענ, אונ אויכ פאר די געלט-מעקלער, ווי ווידער פאר א שמאריאנענ, פאר א דערבארעמדיקער, וואָס טאָמער וועלנ זיי געווירע ווערנ פונ דער מייַסע מיט די פריצימ (כאָטש דערווייַל איז דאָס נאָכ פאר אלעמ א סאָד געווענ), אונ אז אלע האָבנ זיכ מיט א געוויסער סומע באשטייַערט, אויסער אימ, מוישענ, וועט זיכ דאָס שוינ אוואדע שלעכט קלינגענ, אונ די פּראָמילניקעס, געלט-מעקלער וועלנ שוינ מיט רעכט דעמלט די האָזע קעגנ אימ פארמערנ.

ער האָט דערומ, גלייַכ נאָכנ אויסאייצנ זיכ מיט נאכמענענ, די מעקלער אריינגערופנ, האָט אפּ זיכ א געוויינלעכע שטאָלצ-נעגידישע מינע אָנגעצויגנ, א מינ גלייַכגילטיקע, גלייַכ דער אופטראָג, וואָס ער גיט זיי דאָ, איז א געוויינלעכער קאָנטאָר-אופטראָג, וואָס אלע טאָג זייַנענ אזוינע מעגלעכ אונ שייַעכ, אונ נעמלעכ: ער דארפ הייַנט צו טאָג א געוויסע סומע געלט האָבנ, זיי מוזנ זי אימ זענ קריגנ. אונ קעדיי זיי אונטערצואייַלנ, אונ קעדיי זיי זאָלנ פארשפּאָרנ צוריק אינ קאָנטאָר קומענ נאָכ מוישעס וועקסלענ, ווענ זיי וועלנ קריגנ די ערטער, ווו צו אנטלייַענ, האָט ער זיי שוינ אפּנ אָרט טאקע אונטערגעשריבענע וועקסלענ געגעבנ, זיי אָפּגעכאסמעט—אפּ קלענערע אונ אפּ גאָר קליינע סומעס, וואָרעמ געוווּסט האָט ער, אז גרויס געלט אינ איינ האנט צו קריגנ וועט איצט אוממעגלעכ זייַנ, אונ אז בא דער בעסטער פעיִקייַט פונ זייַנע מעקלער אונ פּראָמילניקעס, איז דאָס אינ איצטיקנ מאָמענט אפילע פאר זיי אויסגעשלאָסנ.

נאָכנ אוועקגייענ פונ די מעקלערס, האָט מוישע, אליינ בא זיכ אינ צימער בלייַבנדיק, אָפּט געקרעכצט. ער האָט אלע ווייַלע ביידע הענט—די רעכטע אונ די לינקע—צו זייַנ ברוסט צוגעלייגט, די בוזימ-קעשענעס אָנטאפּנדיק, ווי ס'טוענ נעגידימ סאָמעד, אונ ער האָט זיי איצט, ווי ליידיק געפונענ—א זאכ, צו וועלכער ער איז די לעצטע יאָרנ פונ גרויסער געדולע ניט געוווינט, א זאכ, וואָס האָט אימ, פונ אומגעוויינלעכקייַט, אויסגעזענ מעשונע.

ס'האָט אימ אינ הארצנ א קיל געטאָנ. ער האָט דעמ גאנצנ טאָג דערנאָכ געהאט ניט קיינ גוטנ, באזונדערס נאָכ פארנאכט פונ זעלבנ טאָג, ווענ מ'האָט שוינ געזאָלט די קאָנטאָר שליסנ, ווענ פארנ טאָג איז, אימ צומ דערפרייענ, גאָרנישט צוריקגעקומענ, אוג ווענ די פּראָמילניקעס, די מעקלער, האָבנ זיכ צוריק אינ קאָנטאָר אומגעקערט אונ ווי האָבנ אימ דאווקע דאָס געפּאָרערטע געלט יאָ געבראכט, אָבער ער האָט געזענ, אז ס'איז נאָכ גרויס מי אונ לאנג זוכעניש זיי אָנגעקומענ: אָט דעמלט

אז ער האָט זיך פאריגטערעסירט אונ געוואָלט וויסן, ווו, בא וועמען האָבן זיי דאָס געלט געקריגן אונ אינ וועמענס הענט זײַנען זײַנע וועקסלען אַרײַנגעפאלן. פארשטייענדיק, אז דאָס מאָל, מאכמעס געלט־מאנגל, ניט צו קיין איבעריק באוווסטע אונ כשיוים, אונ צאלי דערבארעמדיקער האָט אים געזאָגט, אז זײַן כײַלעק האָט ער געקריגן:

— ווייסט ער, בא וועמען?—אונ דערבײַ האָט צאלי עפעס א האָזנדיקע אונ שמייכלדיק באליידיקנדיקע צורע געהאט.

— בא וועמען?

— בא אוא, וואָס קיינ בען־אָדעם האָט זיך קיינמאָל גאָר ניט געקאָנט ריכטן, אז אזוינער איז אפילע לעבן געלט געליגן.

— בא וועמען?

— בא יענעם, בא דעם אײַנגייער אינ די נעגידישע הײַזער, בא דער מרוק, בא דעם וואָס מיט דער ערד־קאלירנער קאַפּאָטע אונ מיטן לאקירענעם דאשעק, בא סרולי גאָל.

— בא אים?—האָט מוישע אזש א געשריי ארויסגעלאָזט פונ פארוווּנדערונג, אונ פונ נישט וועלן גלויבן, זײַנע אויערן נישט געטרויט, אונ ווי ער איז אזוי לעבן זײַן שטול געשטאנען, אזוי האָט ער זיך, פונ מאטקײַט אינ די קני, מיטאמאָל אינ איר ארײַנגעלאָזט.

— בא אים? בא סרולין? וואָס רעדט ער, וואָס פלאפלט ער?

— יאָ, בא אים...

— ווער האָט עס אים געהייסן, ווער דערלויבט? ער איז מעשוגע געוואָרן, צי דיל, צי בא אלע געדראנקען?

— וואָס איז?—איז שוינ דאָס מאָל צאלי, פונ מידקײַט פונעם גאנצן טאָג, ווײַזט אויס, ארומלויפן אונ, דעריקער, דערפאר, וואָס נאָך מײַסע רודניצקי האָט זיך זײַן דערעכערעצ צו מוישען א ביסל אײַנגעשרומפן, קלענער געוואָרן—מיט לאָשן ארויס:

— וואָס איז? קיינ געלט האָט קיינ רייעך ניט, ר׳ מוישע, קיינ געלט שמעקט ניט, געלט איז געלט, בא וועמען ס׳זאָל ניט זײַן אונ בא וועמען ס׳זאָל זיך ניט געפינען, אבי ס׳געפינט זיך, אבי נאָר ס׳איז דאָ.

— אָבער וואָס הייסט? ווי קומט צו אים, צו אזא גאָר, געלט? ווו איז דאָס מעגלעך?—האָט מוישע ווידער אויסגעשריגן.

— ס׳ניט אונדזער זאך, אבי ער האָט, אבי ס׳ניט פאלש געמאכט—האָט צאלי געענטפערט.

מוישע איז נאָך דעם געשפרעך א שטארק פארביטערטער אהיים געקומען. ס׳האָט זיך אים די גאנצע צײַט אינ קאָפּ ניט פּאָטופּעט, ווי קיינעם, וואָס וואָלט דערפונ פריִער ניט געוווּסט אונ מ׳זאָל אים פלוצלינג אזא זאך דערציילן. מיר אָבער, וואָס ווייסן, כידעשן זיך ניט, אונ בעטן דאָס פארגעדענקען: אז אָט דעמלט, אפן יאריד, יענעם טאָג, וואָס נאָך דער מײַסע מיט די פריצים אונ נאָך דער אסיפע בא ר׳ דודין אונ נאָך דעם, ווי מוישע האָט זײַנע מעקלער אפן שטאָט ארויסגעשיקט אים געלט זוכן, איז מוישע מאשבער, ווי ס׳איז אים זייער אונ זייער ניט אײַנגענומען, אָבער

פאקט בלײַבט פאקט: יענעם טאָג איז מוישע מאשבער סרוליס באלכויו געוואָרן. ער, מוישע,—דער וואָס האָט זיך גענייטיקט, און יענער, סרולי,—דער, וואָס האָט אים ארויסגעהאָלפן; ער, מוישע, דער, וואָס אז ער האָט זיך אין ביידע בוזים־קעשענעס געטאפט, האָט ער זיי ליידיק געפונען און סרולי—דער, וואָס ווען ער וואָלט דעמלט די הענט צו דער ברוסט צוגעלייגט, וואָלט ער אין בוזים־טאש מוישע מאשבערס וועקסלען אָנגעטאפט. לאָמיר דאָס פארגעדענקען!

מירן ניט דערציילן, ווי אזוי, ווו און אין וואָס פאר אן אָרט איז צווישן צאלין און סרולין דאָס געשעפט—דאָס געלט געבן און נעמען—אָפּגעמאכט געוואָרן. מירן נישט דערציילן, ווײַל איבעריק. ס'איז גענוג נאָר צו וויסן, אז אזוי ווי סרולי האָט זיך דאָך שוין געהאט, ווי אין א פריִערדיקן קאפיטל דערמאָנט, צו צאלין וועגן אָט דעם איניען געווענדעט. און צאלי האָט זיך דעמלט געקווענקלט, צי דאָס פאר ערנסט אָנעמען, צי ניט, אָבער, סאָפּקאָלסאָפּ, האָט ער דאָס יאָ אָנגענומען, דאָס פארגעדענקט, און דאָס מאָל, ווען ער איז אין מוישע מאשבערס שליכעס געגאנגען, איז אים יענער אפן זינען געקומען, און ער האָט אים געזוכט. און סרולי, פון זײַן זײַט, האָט אויך אים, צאלין,—די גאנצע צײַט, איז דערום, נאטירלעך, אז ווען צוויי זוכן זיך, קומט זיי אמאָל אויך דער צופאָל צו הילף, ווי אויך דאָס מאָל צו צאלין און סרולין...

אזוי, אז די זאך איז געמאכט געוואָרן, דאָס געשעפט געשלאָסן. ווי סרולי האָט זיך דערנאָך געפילט, איז אונדז ניט באוווסט. ניט באוווסט אויך אפילו דער מיין, וואָס ער האָט געמיינט דערבײַ, מיטן וועלן מוישען פאר א באלכויו האָבן. מעגלעך, אז אין איצטיקן מאָמענט האָט ער נאָך אליין ניט געוווסט, מיר וויסן נאָר, אז מוישע האָט זיך, ווי געזאָגט, שטארק באטריבט און ווי אליין פון דער האשגאָכע באליידיקט געפילט. פאר אלעם, טאקע פון דער האשגאָכע, וואָס זי האָט אים דאָ עפעס א קאפצאָנישן פינגער געוויזן, עפעס א מין סימען, אז רײַכקײַט איז שוין גאָרניט אזוי פעסט, אז איבעריק דערמיט זיך איבערנעמען און גרויסהאלטן דארף מען ניט. א סימען: אָט האָט ער הײַנט גאָר צו אזא, ווי צו סרולין, באדארפט אָנקומען, צו דעם, וועלכן ער האָט ערשט פון שטוב געטריבן, ווי א לעצטן און ווי אזוינעם, וואָס מ'דארף פאר אים אין קיין פאל ניט יויצע זײַן. דאָס פון דער האשגאָכע. דעריקער אָבער האָט מוישען געארט, וואָס די זאך קאָן און וועט באוווסט און צעטראָגן ווערן, און דאָס וועט קלינגען פאר אלע, עמעס, ווי א שפאס, ווי א גלײַכווערטל, אָבער דאָך וועט מען אים אין מויל האלטן צוזאמען מיט יענעם, אין פארבינדונג נאָך מיט אזא זאך, ווי ער איז יענעם געלט שולדיק. דאָס קלינגט שוין גאָר, גאָר ניט געהויבן. אלנפאלס, מיט א סקאנדאל און אומאײַנגענעמלעכקײַט, מיט אזא, וואָס בעסער איז, ווען אזוינס טרעפט זיך מיט אנדערע, ניט מיט אים—בעסער מיט זײַנע סאָנים.

מוישע האָט דעמלט, אהיים קומענדיק, א פארביטערט־פרומלעכן מײַרעוו געדאווענט. ער האָט ניט געגעסן און גלײַך שלאָפן געגאנגען. און אייגענע האָבן ניט געפרעגט פארוואָס, ווײַל געפילט, אז עפעס איז ער פארצאָרנט. ער האָט זיך אויך אין שלאָף אומרויִק געפילט, אזוי לאנג, ביז דער אומרו און די פארביטערטקײַט האָט זיך אים, ווי טאָמעד, ווען ס'טרעפט זיך אים א אומאײַנגענעמלעכקײַט, ווען

ער איז אופגערעגט, אונ דער כאָלעם קומט אונ טוט דאָס אים—צי גוט, צי שלעכט—דורכ א בילד אופלייזנ אונ באווײַזנ, אזוי האָט זיכ אים אויכ איצט געכאָלעמט:

א טיש, סא׳שאבעס אָדער א יאָנטעוו. אלצ, ווי קעסיידער. די קינדער, די אייניקלעכ באם טיש. די שטוב—די זעלבע, אינ געוויינלעכער אָרדענונג. נאָר, זע: דאָרט, וווּ ער באשטענדיק מיט גיטעלענ פונ אויבנאָנ, זיצט איצט גאָר א פרעמדער לעבנ איר, לעבנ גיטעלענ.

ער קוקט זיכ אײַנ: זע, ס׳איז סרולי. ער פירט זיכ מײַסע באלעבאָס. ער באמערקט, ווי ס׳ויצט אנ אוירעכ באם טיש, באם סאמע עק, אונ באפוילט, מ׳זאָל אים דערלאנגענ, אונ מונטערט אויכ אלײנ דעמ אוירעכ, ער זאָל עסנ, זאָל זיכ לאָזנ ווילגיינ.

מוישע גיט א קוק אפנ אוירעכ, דערזעט, אז דאָס איז ער, מוישע, אלײנ—בא זײַנ אייגענעמ טיש דאָ א אוירעכ. דערצו אינ סרוליס בגאָדימ, מיט סרוליס אויסזעג, מיט זײַנ ברויגעז־אראָפּגעלאָזטנ קאָפּ צומ טיש, וואָס קוקט אפ קיינעמ נישט.

ס׳איז אים שווער. ער הערט, ווי סרולי, וואָס זיצט אויבנאָנ, ווענדעט זיכ צו גיטעלענ: „וואָס איז דער אוירעכ ברויגעז? וואָס עפּעס עסט נישט דער אוירעכ?“—ער, מוישע, וויל אויסשרײַענ: ס׳פארקערט! ער דארפ דאָס זאָגנ, ווײַל ער איז באלעבאָס. אָבער דאָ דערזעט ער, ווי סרולי צעלאכט זיכ אים אינ פּאָנעמ, ווענדעט זיכ צו אלע, וואָס ארומ טיש, אונ קעדיי צו באווײַזנ זײַנ גערעכטיקײַט, אונ אז דאָס אָרט, וואָס ער פארנעמט, איז מיט רעכט פארנומענ, שטעקט ער ארײַנ די הענט אינ בוזימ־קעשענע אונ שלעפּט פונ דאָרט עפּעס א פּאק ארויס: ווער וועמענ, הייסט עס, איז שולדיק. ווער בא וועמענ ליגט מיט וועקסלענ פארזעצט.

מוישע איז אָפּהענטיק. ער לאָזט אראָפּ דעמ קאָפּ, הויבט זיכ פונ אונטערנ טיש ארויס, גייט אינ א ווינקל־שטוב אונ געפינט דאָרט די טאָרבע, וואָס ער איז קעסיידער געוווינט זי צו האלטנ פאר סרוליס, נעמט זי, הויבט זי אופ אונ לאָזט זיכ אפּ די אויגנ פונ אלע אייגענע, פונ ווײַב אונ קינדער, וואָס קוקנ אים נאָכ, צו דער טיר צו—די שוועל אריבערטרעטנ. אָט אזוי: ער קושט די מעזוזע, ווײנט אונ בעזעגנט זיכ, פארלאָזנדיק זײַנ שטוב, מיט זײַנע בניי־באַיעס, וואָס בלײַבנ באם טיש אונ קוקנ אים נאָכ, קיינ וואָרט נישט אויסריידנדיק.

* * *



שאָטא רוסטאַוועלי

# דער גיבער אין דער טיגער־פעל

## 2. די צווייטע געשיכטע

### וועגן דעם, ווי אַזוי דער אַראַבישער קייסער האָט דערזען דעם גיבער אין דער טיגער־פעל

פּלוצים זעט מען: ס׳וויינט אַ גיבער באַ דעם טײַך אַן אומבאַקאַנטער,
צו אַ ליים געגליכן. האַלט ער פאַר דער צוים אַ שוואַרצן פערד,
פערל בלאַנקען אַפ זײַן וואָפן, און דער שפּאַן פון פערל בלענדט דאָרט,
שטראָמען רינען אַפ די באַקן, קאַלטער טוי זײַן פּאָנים טרערט.

ס׳הילט אַ טיגער־פעל די אַקסלען און זי שײַנט אַ גאָלד קאָלירטע,
און פון טיגער־פעל אַ היטל אַפ זײַן קאָפּ איז אָנגערוקט,
און אַ בײַטש אַ פעסטע האַלט ער מיט אַ הענטל אַ באַצירטן—
אַפן שײנעם אומבאַקאַנטן האָט דער קייסער זיך פאַרקוקט.

און אַ רוף צו טאָן דעם גיבער שיקט דער קייסער באַלד זײַן דינער,
נאָר דער פרעמדער זיצט געבויגן און ער וויינט גאָר אָן אַן עק.
פון די אויגן—די אַגאַטן טרערן ווי קרישטאָלן רינען,
איז דער דינער שטום געבליבן, ווי אַרומגעכאַפּט פון שרעק.

ס׳קלאַפּט דאָס האַרץ, אים פעלן ווערטער, ווי די צונג וואָלט אָפּגענומען.
פון דער שײנקײַט אַ באַראַשטער, האָט ער זיך אַנטשלאָסן קוים,
שטיל געזאָגט: „דער קייסער רופט אײַך...“ און ניט דרייסט איז צוגעקומען,
נאָר געשוויגן האָט דער פרעמדער, אַ פאַרטיפטער אין זײַן טרוים.

ניט עס שטערט אים דער געטומל פונעם קייסערישן כאַיל,
און ער הערט אויך ניט דעם דינערס שטילע ציטערדיקע שטים.
קרעכצן שטײַגן פון זײַן האַרצן, ווי עס וואָלט געברענט אין פײַער,
און מיט בלוט געמישטע טרערן פון די אויגן רינען אים.

ווײַט אַפּאָנים אין די טרוימען האָט דער גיבער זיך געטראָגן,
אַ באַראַשטער האָט דער דינער אים באַנײַס אַ רוף געטאָן,
נאָר דער פרעמדער, אַ געקלעמטער, האָט ניט אויפגעהערט צו קלאָגן,
און געשוויגן האָבן ליפּן—אַ געשלאָסענער בוסאָן.

און דער קנעכט האָט אומגעקערט זיך. ניט דערוואַרט זיך אָפּ קיין ענטפער.
און געזאָגט: „עס איז דער גיבער ניט גענויגט צו זען דעם האַר.
קליין און נישטיק כ'בין געוואָרן, פון זײַן העלקײַט א פארבלענדטער,
כ'האָב ניט אויסגעפילט דײַן שליכעס, ניט באשטראָפּ מיך הארב דערפאַר.

ראָסטעוואַן איז בייז געוואָרן, ווי באדעקט וואָלט אים א וואָלקן,
און די צוועלף געטרײַע דינער האָט ער דאַן באפוילן שטרענג:
— „נעמט געווער און אײַלט צוזאמען די באפעלן מײַנע פאָלגן,
לערנט סייכל אויס דעם פרעמדן און צו מיר אים טייקעף ברענגט".

האָבן דינער זיך געלאָזן. און דערהערט די וואָפן-קלאַנגען,
אופגעציטערט האָט דער גיבער, וואָס האָט הייס אזוי געקלאָגט,
און דערזען אין וואלד די קריגער, זייער טומל און געדראַנגען,
האָט א קרעכץ געטאָן: „אוי, וויי מיר" און קיין וואָרט מער ניט געזאָגט.

אָפּגעווישט האָט ער די טרערן פון די בענקענדיקע אויגן,
האָט פאריכט דעם טאַש מיט פײַלן, צוגעגארטלט פעסט דעם שווערד,
אפן פערד ארופגעשפרונגען און אין וועג אוועקגעפלויגן.
ס'האָבן קנעכט אומזיסט געררופן—ס'האָט דער העלד זיי ניט געהערט.

האָבן זיך די קנעכט גענומען יאָגן נאָכן פרעמדן גיבער,
ס'וואָלט קיין סוינע ניט געווונטשן, וואָס ער האָט געמאכט פון זיי,
אָפּ דער ערד זיי אומגעוואָרפן, קאָפּ צו קאָפּ האָט זיי געשלאָגן,
ז מיט שווערד און ניט מיט פײַלן, מיט דער בײַטש צעהאקט אָפּ צוויי.

דער קייסער בייז געוואָרן און געטריבן נײַע רײַטער,
פאקן קאָן אים קיינער, און דער גיבער יאָגט פאָרויס,
עריאָגט אים—יענעם טויט ער, פון די פערד אראָפּ ער שלײַדערט,
ין איינעם מיטן צווייטן; און דעם קייסערס צאַר איז גרויס.

ד מיט אווטאנדילן האָט זיך דאַן געלאָזט דער קייסער,
עמדער ווערט אלץ ווײַטער, ווי זיי יאָגן זיך ניט שנעל,
גיבער זיך אין זאָטל, און עס פליט זײַן פערד זײַן הייסער,
ז זײַן ליכטיק פּאָנים, ווי א בליץ זײַן בליק איז העל.

דערקענט דעם קייסער, ווי ער יאָגט נאָך אים אין צאָרן,
א שמיץ געגעבן—און ווי קיינמאָל ניט געווען,
פארפלויגן, צי אין אָפּגרונט ניט געוואָרן,
זוכט די שפּורן, מ'האָט קיין שפּורן ניט געזען.

טעפּ די קריגער נאָך געזוכט—ער איז פארשוווּנדן,
רזינקען קאָן אזוי אין אונטערערד.
.אווינט די טויטע, אויסגעוואשן אלע וווּנדן.
„ס'האָט, ניט אנדערש, גאָט פון אונדז זיך אָפּגעקערט.

מיט יעסורים אָפּגעסאמט מיר גאָר די זיסקײַט פון מײַן לעבן.
פרײד אָפ טרויער אומגעביטן און פארזוּרטײלט מיך אָפ פּײַן.
ס'איז אָפ טויט מײַן הארץ געטראָפן, ווער וועט היילונג קאָנען געבן.
נאָר גערעכט איז גאָטעס ווילן, זאָל געלויבט זײַן גרויסקײַט זײַן".

און אחים באשלאָסן פאָרן, האָט דער קייסער דאן באפוילן
אָפּצושאפן סײַ די סודע, סײַ די שפּיל און דעם געפעכט.
און אליין געלאָזט זיך פאָרנט, און נאָך אים דער גאנצער אוילעם.
ווער געמורמלט האָט: „מעשוגע", ווער—„דער הערשער איז גערעכט".

און דער קייסער א פארזאָרגטער, האָט אין פּאלאץ זיך פארשלאָסן,
ווי א זון ווי א געליבטער האָט באגלייט אים אוּוטאנדיל.
און דערזען זײַן טרויער, האָבן אלע שטובלײַט אים געלאָזן,
הארפּ און צימבל איז אנטשוויגן, קאסטאניעט געבליבן שטיל.

טינאטין האָט זיך דערוווּסט דאָס—די ידיִעה מ'האָט געבראכט איר,
איז זי גלײַך א זוניק־העלע צוגעקומען צו דער טיר.
און געפרעגט באם קאמער־דינער: „שלאָפט דער קייסער, אָדער וואכט ער?"
און געענטפערט האָט איר יענער: „ער איז אופגערעגט אָן שיר.

קיינעם אויסער אווטאנדילן האָט ער ניט געלאָזן נעבן,
ס'האָט א וווּנדערלעכער גיבער אָט דעם צאר אין אים דערוועקט".
און באפוילן טינאטין האָט: „זאָלסט דעם הערשער איבערגעבן,
אז איך בין בא אים געוועזן, נאָר ארײַן זיך ניט דערוועגט".

פרעגט דער הערשער אָפ דער טאָכטער, אז ס'איז גרינגער אים געח
„ווּ ז'די טרייסט פון מײַנע אויגן, קלאָרער קוואל און לעבנשײַן?"
האָט געענטפערט אים דער דינער: „ס'איז איר שווער צו זען דײַן
ז'יז געווען דאָ, אָנגעפרעגט זיך, ניט געוואגט צו דיר ארײַן".

ראָסטעוואן האָט דאן באפוילן: „טינאטין ארײַנצורופן,
די וואָס טײַערער פון לעבן, זאָל דערפרייען מיך אצינד,
זאָל צעווייען מײַנע זאָרגן, שענקען פארן הארץ א טרופּע,
און פארשטיין, פארוואָס איר פאָטער צו דער שײַן פון טאָ

און דעם פאָטערס רוף געהאָרכזאם, טינאטין איז גלײַך גע
ווי א ליכטיקע לעוואָנע האָט באשײַנט דאָס צימער העל.
און דער הערשער האָט די טאָכטער מיט א קוש ארומגענו
און געזאָגט: „צו מיר ארײַנגיין האָסט געמעגט אָן א באפ

האָט די טאָכטער אָפּגעענטפערט: „אַז דער הערשער איז צעטראָגן,
איז ניטאָ אַזאַ מין דרייסטער, וואָס זאָל צאַמען אים דעם וועג.
ס'טוט דײַן זאָרג די הימל־ליכטער אין דער טונקלקייט פּאַריאָגן,
בעסער אַלצדינג קלאָר צו מאַכן, ווען די זאָרג פון האַרץ אַוועק".

און ער ענטפערט: „ליבע טאָכטער, איך בין זייער שטאַרק צעטראָגן,
נאָר גענוג דײַן שטים דערהערן, אַז פאַרבײַ זאָל באַלד מײַן וויי,
דײַנע בליקן ווי די בסאָמים היילן מײַנע גרויסע פּלאָגן,
לייג זשע צו דײַן אויער, ליבע, הער מיך אויסעט און פאַרשטיי.

פון אַ קאַנט אַן אומבאַקאַנטן כ'האָב דערזען אַ יונגן ריטער,
און זײַן פּאָנים האָט געלויכטן ווי די זון אַף גאָר דער ערד,
כ'האָב געוואָלט דערגיין די סיבע, וואָס פאַרגיסט ער טרערן ביטער,
נאָר דערצאָרנט האָט מיך יענער, ווײַל ער האָט מיך ניט געהערט.

אַפן פערד אַרופ, אַנטלאָפן, ניט געקוקט נאָר אַף מײַן צאָרן,
קנעכט געשיקט כ'האָב אים דעריאָגן, האָט ער זיי געטויט און גאָר,
ניט באַגריסט מיך ווי עס פּירט זיך, ווי אַ טײַוול ניט געוואָרן,
און איך חיים ניט ביז איצינדער, ס'איז אַ כאָלעם, צי ס'איז וואָר.

גאָט האָט מיר מיט סאַם פאַרביטערט זיסע הימלדיקע גאָבן,
אַלע פריִערדיקע פרײדן קאָנען מיך ניט פרייען מער,
און וואָס טויג מיר די באַריסטקײַט, אַז איך קאָן קיין טרייסט ניט האָבן
אָן דער העלער פרייד פון לעבן ווערט אַליין דאָס לעבן שווער".

זאָגט די טאָכטער: „גרויסער הערשער, מיר באַדאַרפן זײַן געדולדיק,
ס'פּאַסט אונדז קיינמאָל ניט צו מורמלען אַפן שיקזאַל און אַף גאָט,
דער וואָס גוט איז צו דעם מענטשן, קאָן ניט זײַן אין גאָרניט שולדיק,
ס'קאָן קיין בייז אונדז ניט פאַרשאַפן, דער וואָס איז דאָך לויטער גנאָד.

אויב אַ מענטש איז יענער ריטער, וואָס איז פּלוצים ניט געבליבן,
ווען ער דאָך זיך ניט באַהאַלטן, זיך געפינען סײַוויסײַ,
טאָמער אָבער האָט דער טײַוול נאָר אַ בייזן שפּאַס געטריבן,
איז נאָכוואָס צו לײַדן פּלאָגן, נעם פאַרגעס און פריילעך זײַ.

דו הער אויס מײַן אייצע, הערשער, גרויס און ריזיק דײַן מעלוכע,
איבער לענדער, איבער הערשער איז דײַן טראָגן אָוועקגעשטעלט,
איז צעשיק אין אַלע עקן לויפער, אַז זיי זאָלן זוכן,
צי איז ער — אַ מענטש דער גיבער, צי אַ גײַסט פון יענער וועלט.

און אין גיכן האָבן דינער ראָסטעוואַנס באַפעל פאַרנומען:
„גלײַך אין וועג איר זאָלט זיך לאָזן, אומגעשראָקן, אָבער באַלד,
און דעם גאַדלענס שפּור געפינט מיר, ווי ס׳וועט שווער זײַן צוצוקומען,
זאָלט איר זיך דורך בריוו דערפרעגן און אַן ענטפער מיר דערהאַלט״.

און אַוועק זײַנען די לױפערס איבער וועגן איבער טריבע,
אומעטום געזוכט דעם גיבער, ס׳האָט דער וועג אַ יאָר געוועדט,
אָבער קיינער האָט אינערגעץ ניט געהערט פון יענעם גיבער,
און עס האָבן זיך די שליכים טרויעריק אַהיים געקערט.

און געמאָלדן: „גרויסער הערשער, דורכגעגאַנגען אַלע לענדער,
אומעטום געזוכט דעם פרעמדן, נאָר זיך אויסגעמאַטערט בלויז,
און אין טיגער־פעל דעם גאַדלען האָט קיין איינער ניט געזען דאָרט,
ס׳האָט דער וועג אונדז ניט געראָטן, נײַע לױפערס שיק אַרויס״.

זאָגט דער קייסער: „איצט פאַרשטיי איך, ס׳האָט געזאָגט מײַן טאָכטער עמעס,
ס׳איז ווײַזט אויס אַליין דעם טײַוול, וואָס באַשטרײַט דעם אויבער־האַר.
ס׳האָט געפרוווט זיך דער ניטגוטער צו פאַרנעמען אין אַ קלעם אונדז
מעגן מיר באַנײַס זיך פרייען, ס׳פּאַסט פאַר הערשער ניט קיין צאַר״.

האָט געזאָגט און צו פאַרטרײַבן אַלע פינצטערע געדאַנקען
גלײַך גערופן זינגער, שפּילער, אַקראָבאַטן אָן אַ צאָל,
און וואַטראָנעסדיק צעגעבן יעדן ווערטפולסטע געשאַנקען, —
ניט געוועזן פון ראָסטעוואַנען איז קיין מילדערער קיינמאָל.

אווטאַנדיל אין היימיש אָנטאָן האָט גערוט אַף זײַן געלעגער,
צוגערוקט די האַרפּ, געזונגען, און באַרירט די סטרונעס צאַרט,
פּלוצים איז אַרײַנגעקומען טינאַטינס אַ קנעכט — אַ נעגער:
„די, וואָס שלאַנק איז ווי אַלאָע, האָט געזאָגט, אַף דיר איצט וואַרט״.

און באַראַשט פון דער ידיעה, אווטאַנדיל איז אויפגעשטאַנען,
און פון אַלע זײַנע קליידער אָנגעטאָן דאָס רײַכסטע קלייד.
מיט דער רויז, מיט זײַן באַליבטער, זײַן דאָס ערשטע מאָל צוזאַמען.
מיט דער שיינהײַט צו פאַרברענגען, קאָן דען גרעסער זײַן אַ פרייד?!

און דער העלד איז דרייסט געקומען, האָט פאַרגעסן די יסורים —
וויפל טעג און נעכט אין טרערן נאָך דער ליבסטער האָט פאַרבראַכט.
טינאַטין דערזען: די בליקן — ווי די בליצן אין אַ שטורעם,
און זי שײַנט, אַז די לעוואָנע זעט אויס פינצטער ווי די נאַכט.

הערמעלין האָט אירע אקסלען אזוי ווייך ארומגעוויקלט,
צוגעדעקט ראָס צארטע פּאָנים האָט א דורכזיכטיק געוועב,
און די שארפ פון אירע וויִעס האָט דאָס הארצ אפ טויט צעשטיקלט,
אפן ווײַסן האלדז געלאָפן זײַנען שווארצע שווערע צעפּ.

טריב האָט אויסגעקוקט די מאלקע אונטער פורפור־דעק דער דינער,
נאָר דערזען פאר זיך דעם ריטער, אים געשענקט א צארטן בליק.
שווײַגנדיק האָט אווטאנדילן צוגערוקט א שטול דער דינער,
נאָר דער העלד איז שטיין געבליבן, איבערפולט דאָס הארצ מיט גליק.

און ער זאָגט: „מיר פעלן ווערטער אויסצודריקן מײַנע פריידן,
ס'ווערט פארטונקלט די לעוואָנע, ווען עס גייט די זון ארויס.
ס'פלאָנטען מיר זיך די געדאנקען, כ'בין פארלאָרן, כ'קאָן ניט ריידן.
אָבער זאָג, מיט וועלכע בסאָמים הייל איך איצט דײַן טרויער אויס?“

און געוועזן איז פארן גיבער אירע ווערטער זיס צו הערן:
„כאָטש מיר לעבן אָפּגעשיידטע, נאָר אין מיר ביסטו פארליבט,
איז ניט וווּנדער זיך דעריבער, כ'וועל מײַן סאָד פאר דיר דערקלערן
זאָגן דיר פון וועלכע זאָרגן ס'איז דאָס לעבן מײַנס באטריבט.

דו געדענקסט ווי מיטן הערשער אין געיעג האָסטו געטריבן
און דערזען דעם פרעמדן גיבער, וואָס געזעסן איז פארטראכט,
כ'בין פון דעמלט אָן ניט רויִק, ס'האָט זיך פײַן אין הארצ פארקליבן,
יענעם העלד דו מוזסט געפינען אפן הימל צי אפ דר'ערד.

דײַן געפיל דו האלטסט פארבאָרגן, נאָר די ליבע דארף קיין ווערטער,
כ'וויס: מײַן אָנבליק אין דײַן הארצן איז פארקריצט מיט טיפע שניט,
כ'וויס, עס האָט א טרערן־האָגל אין פארצווייפלונג אָפּט פארצערט דיך,
דײַן געדאנק האָב איך געפאנגען, און דײַן הארצ פון ליבע גליט.

ביסט א העלד, וואָס צווישן מענטשן איז קיין גלײַכן ניט געפינען
און דערצו א טרײַער ריטער—ס'איז קיין ספק ניט דערין.
איז דײַן כויוו דעריבער דאָפּלט דער געליבטער דײַנער דינען,
פיל זשע אויסעט מײַן באקאָשע און דעם גאדלענס שפור געפין.

וועסט מיר טײַערער נאָך ווערן, ווען דו וועסט מײַן פּײַן פארשטויסן,
נאָר געפין מיר יענעם בייזן, וועלכער דינט דעם טײַוול בלויז.
שענק מיר האָפענונג־פּיאלקעס, אונטער טריט צעשיט מיר רויזן,
קענען דיר—א לייב א דרייסטן—ווי די זון וועל איך ארויס.

דרײַ יאָר זוכן זאָלסטו, ליבער, און די זאַך זאָל דיר געראָטן,
ס'וועט דער טאָג פון דײַן צוריק־קער זײַן א טאָג פון לויטער שײַן,
אויב דו וועסט אים ניט געפינען, איז דאָך קלאָר, אז ס'איז א סאָטן,
ווי א מאנדל א צעבליטער דײַן געליבטע וועל איך זײַן.

דו ביסט איינער מײַן באשערטער, כ'וועל קיין אנדערן ניט קענען,
מעג אליין די זון אפילע זיך פארשטעלן פאר א מאן.
א פאריאָגטע פון גאניידן, זאָל פארברענען מיך דער גענעם,
ווי די שארפ פון שווערד דײַן ליבע זאָל אין הארץ מיך טרעפן דאן.

זאָגט דער גיבער: „זון דו העלע, דײַנע ווײַס שײַן פארשפרייטן,
ווי זשע קאָן איך אנדערש דענקען, ווער האָט מיר געגעבן רעכט?
אנשטאָט טויט האָסטו געשענקט מיר גליק און האָפענונג און פריידן,
איז דערלויב זשע מיר אפ שטענדיק בלײַבן דײַן געטרײַער קנעכט".

און ער זאָגט: „מיט דײַנע שטראלן דו באפרוכפערסט ערדן ווילדע,
צייכנסט אָן דעם גאנג פון ליכטער אינעם בלויען הימלשויס.
בין איך ווערט דען אָט די גאָבן, וואָס עס שענקט דײַן האנט דײַן מילדע,
אינעם גנאָד פון דײַנע שטראלן איך צעבלי זיך ווי א רויז".

און עס האָבן ווידער הערצער טרײַהײַט אייביקע געשוואָרן,
און אין ליבלעכע געשפרעכן גיך געלאָפן איז די צײַט.
ס'איז דער יאָך פון זאָרג און טרויער אוועקגעשטעלט גרינג געוואָרן,
און געלויכטן האָט זײַן שמייכל, ווי די בליצן אין דער ווײַט.

לאנג פארבראכט האָבן צוזאמען אוועקגעשטעלט מיט טינאטינען,
און רוסטעוועלי האָט מיט אגאטן זיך געטראָפן זאלבאנאנד.
זאָגט ער: „ס'איז גענוג צו זען דיך, אז מע זאָל אראָפ פון זינען,
האָסט א פײַער אָנגעצונדן, ברענט מײַן הארץ אין פײַער־בראנד".

ס'איז שוין צײַט געווען אוועקגיין. נאָר ווי שווער איז זיך צעשיידן,
ביים דער העלד, נאָר זײַנע אויגן קוקן אלץ אפ איר געזיכט.
טרערן ברענען אים די באקן, אין זײַן ברוסט—די שפּיז פון לײַדן,
און אין הארץ מיט הארץ פארקנאסטן—ליבע ברענט ווי העכסטער פליכט.

— „זון, האָט ער געמורמלט, ווידער קומט די שאָ פון דער צעשיידונג,
מײַן רובין וועט טונקל ווערן, געלער ווערן פון בורשטין,
טרערן וועל איך, ליבע, גיסן, זײַן אָן דיר וועט זײַן א ווייטעק,
נאָר דאָס לעבן פאר דיר שענקען, ווי א ריטער גרייט איך בין".

אין דערהיים אפּן געלעגער האָט ניט אופגעהערט צו וויינען,
ווי א ווערבע זיך געטרייסלט און קיין אויג ניט צוגעמאכט,
און אין רעגעדיקן דרימל אלץ געזען די זון די שיינע,
און אין פּײַן איז אויסגעוואקסן צוואנציקפאכיק יענע נאכט.

ס'האָט דאָס הארץ געברענט אין פײַער, און די רו האָט ער פארלאָרן,
טרערן האָבן זיך געקײַקלט, פערל ריינע אָן אן עק.
און גאנצפרי אין בעסטן מאלבעש אפּן פערד ארויסגעפאָרן
זיך געזעגנען מיטן קייסער און צו לאָזן זיך אין וועג.

און ער שיקט צו ראָסטעוואנען דעם עדזשיב [1]) און הייסט אים זאָגן:
„הערשער, ס'ווייסן אלע הארן און די קנעכט דאָ אומעטום,
אז דײַן שווערד, וואָס שטראָפט פארעטער, האָט דיר זיגן פיל געקראָגן,
איבער אלע גרענעץ־לענדער כ'וויל צעטראָגן איצט דײַן רום.

איך וויל גיין אין ווײַטע קאנטן, אלע סאָנים דאָרט באזיגן
טינאטין דער מאלקעס נאָמען וועל איך מאכן ברייט בארימט,
די וואָס פאָלגן ניט, כ'וועל צוימען, די געטרײַע כ'וועל באגליקן,
און געשאנקען און יעדיִעס וועל איך שיקן דיר געשווינד".

און באפוילן האָט דער הערשער אווטאנדילן צו באדאנקען:
— „ס'פּאסט דעם לייב אזא געראנגל, און דײַן אָרעם מעכטיק איז.
ס'זײַנען דרייסט די טרוימען דײַנע און ניט קארגער די געשאנקען,
פאָר, נאָר ווייס, אז לאנגע שיידונג וועט מיר שווער זײַן אפּ געוויס".

איז ארײַן אין זאל דער גיבער, זיך געבוקט פאר הערשער הויכן:
„דײַנע ליובריייד כ'האָב פארנומען, כ'בין ניט ווערט אזא מין פּרײַז,
זאָל מיר גאָט דעם וועג דעם שווערן מיט דער שײַן פון רום באלויכטן,
אז כ'זאָל קאָנען נאָך מײַן וואנדער זען דאָס פּאָנים דײַנס באנײַס".

ווי א זון מיט פאָטער ליבן האָבן זיי צעקושט זיך ביידע,
ס'איז אזעלכע צוויי געוואגטע ניט פאראן אפּ גאָר דער וועלט.
אווטאנדיל האָט זיך געזעגנט, פונעם זאל ארויס אנטשיידן,
ס'האָט א טרער געלאָזט דער הערשער, שטיל באלייטנדיק דעם העלד.

און דער העלד, דער דרייסטער רײַטער, צוואנציק טעג איז דאָרט געפאָרן,
ניט גערוט און ניט געשלאָפן ניט באטאָג און ניט באנאכט,
ער—דער אָנלעגן פון מעלוכע און די טרייסט פון לאנד פון גאָרן,
פון דער טינאטין דער שיינער האָט די גאנצע צײַט געטראכט.

[1]) א הויפמאן.

און צו לעצט, דערזעען די גרענעצ פון זײַן היימקאנט, פון זײַן ליבן,
און ארויס זײַנען אנטקעגן די וואסאלן מיט געשאנק.
נאָר געאײַלט זיך האָט דער גיבער, ס'האָט זײַן שליכעס אים געטריבן.
און פון סודעס און פארווײַלונג אָפגעזאָגט זיך מיט א דאנק.

נאָר אין שלאָס אין שיינעם זײַנעם, וועלכער הויבט זיך ווי א פעסטונג,
הינטער פעלדזן, הינטער שטיינער, אָפגעצאמט און אָפגעהיט.
האָט אין יאגד פארבראכט דער גיבער, האָט פארווײַלט זיך דרײַ מעסלעס דאָרט
און גערופן שערמאדינען, וואָס אין אייצעס איז געניט.

ס'איז געווען זײַן אָנפארטרויטער אין דער מאכט און אויך אין סודעס,
גרייט דערפאר דאָס לעבן שענקען פאר זײַן האר צו יעדער צײַט,
האָט דער גיבער די נעדאָרים פונעם מיידל אים פארטרויט איצט,
אים דערציילט אין וואָסער פײַער ס'ברענט זײַן הארצ און ווי ער לײַדט:

„שערמאדין, ס'איז מיר א בושע, נאָר איך מוז עס דיר דערקלערן,
צווישן אונדז איז אלע יאָרן ניט געווען קיין סודעס, ווייסט,
אָבער איינס האָב איך באהאלטן,—וויפל כ'האָב פארגאָסן טרערן,
איצט איז אויס צו מײַנע ליידן, זי האָט מיר געשענקט א טרייסט.

טינאטין כ'האָב ליב געקראָגן, און געווען איז ווינד און ווײ מיר,
מײַנע קאלטע רויזן־בליטן האָט גענעצט א טרערן־קוואל,
סיפע ליידן און יעסורים כ'האָב געליטן א געהיימער,
איצט האָט האָפענונג באשײַנט מיך און באגליקט מיך מיט איר שטראל.

ס'האָט געזאָגט די זוניקהעלע: „גיי אין וועג ארײַן אנטשיידן.
זוך מיר אויס דעם פרעמדן גאדלען און דערוויס זיך אלצ גענוי.
כ'וועל קיין אנדער מאן ניט נעמען, מעג ער וואקסן אין גאנ־עדן“.
מײַנע וונדן ווי מיט בסאָמים האָט מיר אויסגעהיילט די פרוי.

כ'בין א ריטער און מײַן הארן וועל איך דינען א געטרײַער.
ס'איז דער ערשטער פליכט פון דינער זײַן געהאָרכזאם צו זײַן הארן.
ס'האָט די שיינע האלבפארלאָשן פון מײַן הארצ דאָס העליש פײַער,
ס'איז קיין סוינע מיר ניט שרעקלעך און ניט שרעקלעך קיין געפאר.

אין מײַן הויף ביסטו דאָ איינער מיר דער נאָענטסטער און ליבער,
ווי א פרײַנט ווי א געטרײַער איינס וויל איך דיך בעטן בלויז,
זײַן דער הערשער פון מײַן געגנט און דער פירער פון די קריגער,
דיר אליין איך קאָן פארטרויען אי מײַן כאיל, אי מײַן הויז.

צ. דאָלגאָפּאָלסקי

# מענדעלעס פּאָרטרעט

אינ דער שול האָבנ זיכ געלערנט ייִדישע קינדער, ריכטיקער, ייִדישע ייִנגלעכ,— האָט זי זיכ גערופנ ייִדישע אָנפאנג־שול.

אינ איינעם א ווינטערדיקנ מארק־טאָגיקנ זונטיק זײַנענ די קינדער געקומענ אינ שול מיט א נײַס. אינ שטעטל איז אָנגעפאָרנ א פאקנ־טרעגער, א מויכערספּאָרעמניק, ער איז פארפאָרנ אינ דער קאצאָווישער שול אונ האָט זיכ דאָרט צעלייגט אינ א באזונדער צימערל. דער פאקנ־טרעגער האָט געבראכט אינ שטעטל ניט נאָר סידורימלעכ אונ בירכעסהאמאָזנדלעכ אונ זאָכעבעגוירלס, נאָר אויכ ביכלעכ אפ איוורעטײַטש.

דאָס איז בעעמעס געווענ א גרויסע געשעעניש. אינ שטעטל איז דאָ איינ איינציקע ביבליִאָטעק, וועלכע געפינט זיכ פאקטיש אונטער דער השגאָכע פונ פאריינ פונ רוסישנ פאָלק. קיינ ייִדישע ביבליִאָטעק איז אינ שטאָט ניטאָ, קיינ בוכ־האנדלונגענ אויכ ניט. איז ווי נוצט מענ ניט אויס אָט די געשעעניש, וואָס האָט אזוי אופגערודערט די קליינווארג.

א מויכערספּאָרעמניק—מוז מענ שוינ דערמאָנענ וועגנ מענדעלע מויכער־ספאָרים.

מיר נעמענ דעם עלטערנ קלאס, ייִנגעלעכ, וואָס ענדיקנ האיאָר די שול אונ וואָס גרייטנ זיכ צו די עקזאמענעס אינ דער העכסטער אָנפאנג־שול אונ לייענענ פאר זיי אנ אויסצוג פונ מענדעלע מויכער־ספאָרים.

דאָס איז שוינ ניט קיינ לעקציע. דאָס איז שוינ אנ אינטימער שמועס. כעוורעלײַט פרעסנ זיכ איינע צו דעם אנדערנ, קינדערשע הענטלעכ פלעכטנ זיכ פרײַנטלעכ ארום קינדערשע העלדזלעכ אונ איינציקע אופמערקזאמערע צוהערער פארבאהאלטנ די מײַלכלעכ אינ די פויסטלעכ, וואָס זײַנענ אָנגעשפארט אפ די ברעגנ פונ די שול־בענקלעכ. די קינדער פונ די הינטערשטע בענק וואנדרעווענ זשוליקעוואטע אריבער נעענטער צום לערער, צעזעצנ זיכ אפ די טישנ פונ די שול־בענק. דאָס איז שוינ ניט קיינ קלאס, דאָס איז שוינ א מאָלערישע גרופּע, וואָס וואָלט אפילע באפרידיקט דעם אָרטיקנ פאָטאָגראפ, א מענטש, וואָס מאטערט ביז צום כאלעשנ זײַנע קאָרבאָנעס, איידער ער פאָטאָגראפירט זיי אָפּ.

די קינדער פילנ מענדעלענ מיט אלע כושים. ער איז בילדעריש, ער איז זאפטיק, ער איז שפּאָרעוודיק, ער איז אומעטום אקטיוו צו זײַנע פארשוינענ אונ איז

שפאנענד. הערשט אינ 4־טנ לעצטנ קלאס אנ אויסערגעוויינלעכע שטילקייַט, אונ פלוצלינג גיט א האק די גאס־טיר פונ קאָרידאָר אונ א קינד שרייַט אויס:

— מע גייט, צאָדעק לייבאָוויטש, מע גייט.

— זאלבענאנד.

— דער אינספעקטאָר.

— צוויי אינספעקטאָרנ.

צאָדעק לייבאָוויטש בארויִקט די קינדער, נאָר דאָס קליינוואַרג קאָנ גוט זייער לערער. זיי ווייסנ, ווענ זייַנע באפעלנ קלינגענ זיכער אונ שטרענג אונ ווענ זיי קלינגענ פאלש. זיי פאָלגנ ניט דאָס מאָל זייער לערער אונ צעזעצנ זיך אפ זייערע ערטער נאָך איידער אינ דער גלעזערנער טיר באווייַזט זיך אנ אלטער פאָרעצ אינ א גרויסארטיקער יאָנאָטאָוו פוטער אונ הינטער אים טאקע דער אינספעקטאָר, וועלכער איז שוינ אינ שול א צווייטנ מאָל.

ס'איז 12 דער זייגער. די גלאָקנ פונ קלויסטער זאָגנ שוינ אָנ, אז די „אבעדניע" האָט זיך שוינ געענדיקט. גייענ דאָס, הייסט עס, די כאָשעווע אָרכים פונ קלויסטער גלייַך אינ דער ייִדישער שול. דער אינספעקטאָר צוזאמענ מיטנ גובערניאַלנ דירעקטאָר, וואָס האָט אינ זייַנ רעשוס אלע פאָלקס־שולנ פונ דער גרויסער וויטעבסקער גובערניע. שוינ צופיל קאָוועד פאר א ייִדישער אָנפאנג־שול. עפעס איז דאָ ניט גלאט.

ביידע גייענ ארייַנ אינ קלאס. די קינדער שטעלנ זיך. די טישלעכ פונ די שול־בענק זייַנענ פארדעכטיקט פוסטע. דער טאפל איז ריינ אָפגעווישט. ביידע אינ פאראדנע מונדירנ באגריסנ זיך, אונ דער אינספעקטאָר ווענדעט זיך צום לערער.

— ווו האלט איר?

— דאָס איז דער פערטער קלאס. זיי גרייטנ זיך צו די עקזאמענעס אינ דער העכסטער אָנפאנג־שול.

אונ ניט לאָזנדיק די געסט קומענ צו זיך, ווענדעט זיך דער לערער צו ניאָמענ, צום בעסטנ לייענער.

— דער ראָב אונ די פוקס.

ניאָמקע פארלאָזט זייַנ אָרט אונ גייט צו צו דער קאכלנער אָנגעהייצטער אויוונ. ער טאפט מיט די פינגער די ווארעמע וואנט אונ וויל שוינ אָנהייבנ, נאָר דאָ מישט זיך ארייַנ דער דירעקטאָר.

— צו וואָס איז ער ארויס פונ פארטע?

— דאָ איז אונדזער „טריבונע". באם אויוונ.

— טריבונע?!

— יאָ, יעדער, וואָס טרעט ארויס, דארפ לייענענ דייַטלעכ. יעדער דארפ אים הערנ אונ זענ.

— אהא, יאָ, יאָ... פארשטענדלעכ... טריבונע,—אונ לייגט ארופ זייַנע הענט אפנ בויכ.

— ער קאָנ אָנהויבנ?

— יאָ, יאָ.

דער דירעקטאָר וואַרעמט שוינ געמיטלעכ די הענט אפ זײַנ בויכ אונ ניאָמקע הויבט אָנ שוינ אביסל צו הויכ פאר אָט אזא קלײנינקער אאודיטאָריע:

Ворона и Лисица, басня Крылова.
Уж сколько раз твердили миру,
Что лесть гнусна, вредна; но только все не впрок,
И в сердце льстец всегда отыщет уголок.
Вороне где то бог послал кусочек сыру;
На ель ворона взгромоздясь...

„ווזגראָמאָזדיאס”.

דאָס איז געווענ א גלענצנדיק האָזעסדיקער „ווזגראָמאָזדיאס”, וואָס האָט שטארק אויסגענומענ בא די געסט.

— יאָ, יאָ, ריכטיק, ווזגראָמאָזדיאס,—באשטעטיקט מיט דער העכסטער צופרידנקײַט דער אינספעקטאָר, וואָס טראָגט אומדירעקט די פאראנטוואָרטלעכקײַט פאר דער שול אונ וואָס איז צופרידנ מיט איר דערפאָלג.

— ריכטיק, ווזגראָמאָזדיאס,—גיט אויכ צו דער דירעקטאָר.

ניאָמקע האָט הויכ געהאלטנ די רעפּעטאציע פונעמ 4-טנ קלאס. אלע האָבנ אימ מעקאנע געווענ. נאָכ אזא „ווזגראָמאָזדיאס” איז ער שוינ אנ אָנגעקומענער אינ דער העכסטער אָנפאנג-שול. ער מעג זיכ שוינ אײַנקויפנ א געלע קאָקארדע מיט צוויי ברייטע אָדלער-פליגלענ.

דערפאר האָט געהאט א מוירעדיקנ דורכפאל יאנקעלע מײלעס, ער ווינט אונטערנ טײַכ, לעבנ שול-הויפ. זײַנ טאטע איז א שוסטער א לאטוטניק אונ דאָס ייִנגעלע אלײנ קומט אינ שול מיט פולע קעשענעס קנעפלעכ, בלעכענע הויזנ-קנעפלעכ, גרויסע בורנוסנ-קנעפלעכ, פערלאמוטערנע קנעפלעכ פונ ליוסטרינענע רעקלעכ אונ אויכ סאָלדאטישע קנעפלעכ.

דער דירעקטאָר איז ארײַנ צו זיי אינ קלאס, מיט וועלכנ עס האָט אָנגעפירט א צווייטער לערער פונ ווילנער אינסטיטוט. יאנקעלע, דערזעענדיק דעמ גאסט, האָט פארגעסנ אפ אלצ אונ אפ אלעמענ.

גאָלדענע קנעפ אפנ דירעקטאָרס געווענטענעמ ראָק. דאָס ייִנגל זעט אנ ערשטנ מאָל אינ לעבנ אזוי נאָענט א לעבעדיקנ פאָרעצ מיט גאָלדענע קנעפ. ער האָט אפילע דעמ דירעקטאָר ניט אָנגעקוקט. פאר אימ איז דאָס געווענ אזוי מעגלעכ, ווי מעגלעכ איז י פליג זאָל ארומכאפנ מיטנ אויג דעמ מענטשנ, אפ וועלכנ זי איז ארופגעפלויגנ.

ניינ, יאנקעלענ האָט אינ דער מינוט אינטערעסירט נאָר אײנ דעטאל פונ אָט דעמ גאסט: די גאָלדענע קנעפלעכ, די קנעפלעכ פונ דער אונטערשטנ ריי. ער האָט זיכ אופגעהייבנ פונ אָרט, האָט איבערגעביינגנ זײַנ מאָגערנ קערפערל, האָט אויסגעצויגנ דאָס הענטל אונ האָט אָנגענומענ אינ דער האנט דאָס קנעפל. האָט אימ געצערטלט, ווי מע צערטלט פארנ בעקל א ווויל לערנער, ווענ עס גייט בא אימ גוט.

די פאראנטוואָרטלעכקײַט איז געווענ אינ דעמ מאָמענט זייער גרויס, קעדיי דער קלאס זאָל זיכ לײַכטזיניק צעלאכנ. ניינ, דער געזונטער אינסטינקט פונ צעלאכנ זיכ האָט באקומענ א מאפּאָלע. קיינער האָט ניט געלאכט. דערפאר האָט דער דירעקטאָר

גופע ניט געקאָנט דערשטיקנ אינ זיכ דעמ שמייכל. באפרײַענדיק דאָס קנעפּל פונ יאנקעלעס האנט, האָט ער זיכ צו אימ געווענדעט.

— אונ ווי רופט מענ דעמ קייסער, ווייסטו?

יאנקעלע האָט געשוויגנ אונ דער גאנצער קלאס האָט מיט געבעט אויסגעשטרעקט די הענט, ניט אופגעהויבנ, נאָר אויסגעצויגנ זיי אינ דער ריכטונג, ווו דער דירעקטאָר מיטנ אינספּעקטאָר זײַנענ געשטאנענ.

— ווייסטו? האָט דער דירעקטאָר איבערגעכאַזערט.

— איכ ווייס,—האָט יאנקעלע געמאָלדנ.

— נו?

— ני־קאָ־לײַ!

— אונ גאָר?

דער קלאס האָט ארויסגעוויזנ געגוג דיסציפּלינירטקײַט. די הענט האָבנ זיכ געריסנ פונ די פּלייצקעס, נאָר קיינ איינער האָט קיינ פּיפּס ניט געגעבנ. דער צעטומלטער יאנקעלע האָט זיכ דאָ פארפּלאָנטערט. ער האָט א פּלאָפּל געטאָנ עפּעס אומפארשטענדלעכעס אונ, ווי דעמ דירעקטאָר האָט זיכ געדאכט, באליידיקנדיקס.

וועגנ ניקאָלײַענ קאָנ קיינ צוויי מיינונגענ ניט זײַנ. דאָס איז געווענ א טאלאנטלאָזיקײַט. א טעמפּער באגרענעצטער דעספּאָט. אָבער יאנקעלע מיילעס, דעמ שוסטערס יינגל, וואָס האָט ליב געהאט צו שפּילנ זיכ אינ קנעפּלעכ, האָט פּאָשעט ניט געוווּסט, וואָס צוצוגעבנ. ער האָט געוווּסט, אז דעמ קייסער רופט מענ ניקאָלײַ, אָבער ווי אימ צו טיטולירנ האָט ער ניט געוווּסט. א שרעק! די טיפּע קלײנינקע אויגלעכ פונעמ אלטנ דירעקטאָר האָבנ זיכ אָנגעגאָסנ מיט צאָרנ. ער האָט דעמאָנסטראַטיוו פארלאָזנ דעמ צווייטנ קלאס אונ איז ארײַנ אינ לערער־צימער, איז געשטאנענ א ביזער אונ האָט זיכ צוגעהערט, ווי דער גרויפּנ־שניי שמײַסט אינ שול־פענצטער.

די טריבונע פונ 4־טנ קלאס, יאנקעלעס „יעיאָ“ האָבנ מאשמאָעס באשטעטיקט די רעפּוטאציע פונ דער יידישער שול, ווזהינ זיי זײַנענ געקומענ מיט א שטרענגער רעוויזיע.

— וועגנ פארברייטערנ די שול איז נאָכ פריצו ריידנ,—האָט דער דירעקטאָר געענטפערט, ווענ דער פארוואלטער האָט געשטעלט די פראגע וועגנ צולאָזנ אינ דער שול אויכ מיידעלעכ.

אויכ דער אינספּעקטאָר, וואָס האָט זיכ געהאלטנ פאר א ליבעראל, האָט זיכ דערפילט שטארק ארויפּפאלנדיק.

— אײַער ביבליאָטעק!—האָט דער דירעקטאָר געמאָלדנ.

דער גובערניאַלער דירעקטאָר פונ די אָנפאנג־שולנ, אנ אלטער מאנ, וואָס האלט די הענט אפנ בויכ, האָט איבערגעקוקט די ביכער פונ דער שול־ביבליאָטעק. דער שול־אינספּעקטאָר האָט זיי אימ צוגעטראָגנ צו דער נאָז אונ דער דירעקטאָר האָט שווײַגנדיק צוגעשאָקלט מיטנ קאָפּ. האָט דער בוכ ניט ארויסגערופנ קיינ כשאד, איז איר דער קאָפּ געגאנגענ פונ אויבנ אראָפּ, האָט דאָס ביכל זיכ אויסגעדראכט פּראָגרעסיוו אונ קריגעריש, האָט דער דירעקטאָר קאָנווולסירט, ווי א פּאראליזירטער.

און דאָ עפנט זיך די טיר פון לערער־צימער און עס לאָזט זיך אַרײַן אין שול א הויכער מענטש מיט א גאנצ דיקן פּאקעט אונטערן אָרעם.

— וואָס ווילט איר?—האָב איך ביז גאָר ניט פרײַנטלעך אופגענומענ דעמ גאסט.

דער אומבאקאנטער מענטש איז דאָס געווענ דער בוכ־פּארקויפער. ער האָט פארשטאנענ, אז דאָ אינ שול איז עפּעס ניט גאָר גלאט, האָט ער זיך פארשטאמלט.

— איך האָב דאָ פּאָרטרעטנ.

— פּאָרטרעטנ?—האָט דער דירעקטאָר פון די פאָלקס־שולנ זיך אופגעכאפּט:—נו, באווײַזט אָקאָרשט, וואָס האָט איר דאָ פּאר א פּאָרטרעטנ?

דער בוכ־פּארקויפער האָט ניט זיכער פאנאנדערגעוויקלט דעמ פּאקעט און האָט ארויסגענומענ מענדעלעס פּאָרטרעט.

— ווער איז אָט דער פּאטריאַרך?

דער פארשפּרייטער האָט זיך פארלאָרנ, און מיך האָט עפּעס ווי באליידיקט דער ביטל־טאָנ, מיט וועלכנ דער שעפ פון די פאָלקס־שולנ האָט געשטעלט די פראגע.

— דאָס איז דער באוווסטער מענדעלע, איינער פון די גרינדער פון דער ייִדי־שער ליטעראטור.

— יאָ, קאָנטיק... אָבער וואָס האָט עס פּאר א שײַכעס צו דער שול, וואָס איז אײַך אָנפּארטרויט.

— עס האָט א שײַכעס אפ אזויפיל, אפ וויפל די שול איז א ייִדישע.

— יאָ, א ייִדישע שול, וועלכע האָט איר פּראָגראמ, וואָס איז באשטעטיקט דורכנ אופזעער פון ווילנער לערנ־קרײַז. אזוי, דאכט זיך?

— אָבער די פּראָגראמ האָט ניט פאָרויסגעזענ, ווי׳אזוי עס מאָגנ זײַנ באפּוצט די ווענט פון שול.

— איר שטעלט ארויס שטענדיק אײַער אמביציע, און מער ווי שאָדנ ברענגט עס ניט. איר זײַט געווענ אינ צווייטנ קלאס? יאָ?

אלס ענטפער האָב איך שווײַגנדיק געקויפט מענדעלעס פּאָרטרעט און צעזעגנט זיך מיטנ פארשפּרייטער.

— איר האָט טאקע געקויפט אָט דעמ ייִדנ? וואָס רעכנט איר מיט אימ צו טאָנ?

— איך רעכנ אימ ארויסהענגענ אפ דער וואנט צווישנ די פּאָרטרעטנ פון די רוסישע קלאסיקער.

— און ווער דערלויבט עס אײַך?

— און ווער קענ עס פארווערנ, אײַער עקסעלענצ?

דער עקסעלענצ האָט זיך אָנגעהויבנ וואקלענ. ער האָט צוגערוקט צו דער נאָז דעמ פּאָרטרעט.

— יאָ, דער פּאָרטרעט איז אָפּגעדרוקט מיט א דערלויבעניש. אָבער דאָך וואָלט איך אײַך צוליב רייִנ־פּעדאגאָגישע טײַמימ ניט געראטנ עס צו טאָנ. וואָס האָט עס פּאר א זינ... א פּאָרטרעט, אינ דער צײַט, ווענ די שילער, וועלכע זײַנען אײַך אָנ־געטרויט, האָבנ ניט קיינ פאָרשטעלונג פון זײַנע ווערק.

— איך וועל זיי באקאָנענ מיט זײַנע ווערק.

— אָט זעט איר—איר האָט זיך פֿאָרט אַרײַנגעכאַפּט. גײען דען אַרײַן שמועסן וועגן אָט דעם מענטשן אין אײַער פּראָגראַם?

צו הילף איז געקומען דײַכעסעס רוסיש-ייִדישער ווערטער-ביכל, וואָס האָט זיך געפֿונען אין דער שול-ביבליאָטעק. דאָרט זײַנען געווען אין רוסיש אויסצוגן פֿון מענדעלעס ווערק.

דער דירעקטאָר האָט לאַנג געבלעטערט דײַכעסן. דאָס ביכל איז באַשטעטיקט דורכן מיניסטעריום פֿאַר פֿאָלקס-בילדונג. ער האָט ייִעשדיק אַוועקגעלייגט דאָס ביכל אױפֿן טיש.

— נו, אויב איר זײַט שוין אַזוי אײַנגעשפּאַרט... אגעוו, פֿאַרגעדענקט דעם ענט-פֿער פֿון דעם ייִנגעלע אין צווייטן קלאַס.

און ביידע, אי דער דירעקטאָר פֿון די פֿאָלקס-שולן, אי דער ליבעראַלער אינ-ספּעקטאָר האָבן זיך אָנגעבלאָזענע צעזעגנט מיט דעם פּאַרוואַלטער פֿון דער שטעטל-דיקער ייִדישער אָוונט-שול.

ערשט נאָך דעם, ווי די שול האָט זיך צעזעגנט מיט די געהויבענע געסט, איז מענדעלעס פּאָרטרעט אומגעגאַנגען פֿון קלאַס צו קלאַס. מענדעלע האָט פֿרײַנטלעך געשמייכלט צו די קינדער, באַזונדערס צו יאַנקעלען.

עס האָט זיך געדוכט, אַז דער זיידע בייזערט זיך אָפּ יאַנקעלע מיילעס, דראָט אים מיטן פֿינגער:

— אײַ, ביסטו, יאַנקעלע, אַ שטיפֿער! צופּן דעם דירעקטאָרס קנעפּלעך און פֿאַר-וואַנדלען דעם קייסער אין אַ „יעיאָ“, אײַ יאַנקעלע, יאַנקעלע!

ר. בוימוואָל

# אפנ וועג צו דער גרענעצ

שוועבנ בוימער אפ רעכטס אונ אפ לינקס,
דער מארשרוט פונעמ צוג—מאָסקווע—מינסק.
נעגאָרעלאָיע לויכט ערגעצ ווײַט
אונ דו פילסט יעדער רעגע פונ צײַט—
ס'יאָגט דער צוג צו דער גרענעצ־זײַט.

אונ ס'דערטראָגט דורכ דער נאכט זיכ אהער
אָט די שטאָלענע רו פונ געווער,
אָט דער אָפקלאנג פונ קלוגנ באפעל,
וואָס דעמ כוינע טרײַבט אָפּ פונעמ שוועל,
אָט דאָס ענטפערנ זאכלעכ אונ שנעל.

קלאפט דאָס הארצ, קלאפט דער צוג אינ דער נאכט:
„שטענדיק זײַ אפדערוואכ, אפדערוואכ״...
לאָזנ מיד זיכ די וויִעס אראָפּ,
נאָר ס'איז וואכ מײַנ געלײַטערטער קאָפּ
אונ דער צוג צו דער גרענעצ־זײַט יאָגט.

קלאפט דאָס הארצ, קלאפנ רעדער פונ צוג:
„ארומ זיכ שטענדיק קוק, שטענדיק קוק״...
ווערט די טיר, ווי מײַנ לעבנ צעפראלט,
רוקנ אָנ זיכ געשטאלט נאָכ געשטאלט
אונ די נאכטישע שטילקײַט פארפאלט...

א געשטאלט מיט א ביקס אינ דער האנט,
אפנ היטל א גרינלעכער קאנט.
כ'טו א קוק אפ דער ביקס, אפ דעמ פויסט,—
א בײַגרענעצ־נאכט מאָלט זיכ מיר אויס.
אונ דער צוג פליט פאָרויס, פליט פאָרויס...

קומט א צווייטער, א דריטער אַרײַן,
לױכט אַן אָרדען, א בליק טוט א שײַן,
טוט א סטאַנציע א פליעסקע מיט ליכט
נעמט א בורקע זיך טונקלען געדיכט...
טײלט זיך אויס א פאַרקלערטער געזיכט...

ווערט דאָס האַרץ פון אַנטציקונג טוטווײ
און די שמײכלט און טראַכט: „איך פאַרשטײ,
איך פאַרשטײ דעם אומענדלעכן וועג
און דעם יאָגן אַפּ אים אָן א ברעג,—
ס'איז מײַן לעבן דאָך אויך אין געיעג".

כ'האַלט א וואַכע, די אויגן פאַרמאַכט,
כ'הער, ווי ס'טראָגט זיך דער צוג אין דער נאַכט.
ווי ער וועקט: טאַראַטאַך, טאַראַטאַך...

# פרײַנטשאַפט

מיר זיצן אַלע דאָ באַם טיש,
איך ווײס ניט ווי אַזוי און ווען,
נאָר צווישן אונדז איז אָפּגעווישט
דער גרענעץ, וואָס מאַכט מענטשן פרעמד.

מיר רײדן און מיר לאַכן הויך,
נאָר ווען עס ווערט א ווײַלע שטיל,
פאַרבלײַבט די פרײַנטשאַפט דענסטמאָל אויך
(אַזא מין פרײדיקער געפיל!).

און ווי מיט פעדים, אין די רײד
באַקאַנטע נעמען ציט מען צו.
עס האָבן אונדז נאָר שטעט צעשײדט—
כאַבאַראָווסק, מאָסקווע, קרים, באַקו...

כאַווײרים ווערן דאָ דערמאָנט.
און אין זיקאָרן ווערט באַנײַט
די שטים, דער פּאָנעם, אַלץ, וואָס קאָן
נאָר פרײַנטשאַפט אײַנהיטן דורך צײַט.

נאָר וויפל פרײַנט איז נאָך פאַראַן,
וואָס זײער נאָמען ווײסט מען ניט,
וואָס פירט צו זײ א יעדער באַן,
א יעדער וועג צו זײ זיך ציט.

און פרײַנט אַזויפיל אומעטום!
זיי גראָבן ארץ, זיי בויען שטעט...
אויך וועגן זיי און זייער רום
ווערט הײַנט אָט דאָ באַם טיש גערעדט.

מיר זיצן דאָ א מענטשן אכט.
ס'וועט דורך א שאָ, און נאָך א שאָ,
איר וועט אוועקגיין צו פאַרנאַכט
איך וועל א צײַט נאָך זיצן דאָ.—

כ'וועל טראַכטן וועגן אַלע אײַך...
ס'וועט איינער אף דער בינע הײַנט
דאָס שענסטע, וואָס ער האָט דערגרייכט,
באַווײַזן פאַר דעם אוילעם פרײַנט.

א צווייטער וועט אף ראַדיאָ גיין—
זײַן שטים וועט קלינגען הויך און ווײַט,
א דריטער האַקן וועט פון שטיין
א שטאָלצן דענקמאָל פון דער צײַט...

אזוי וועט יעדער טאָג זײַן זאַך
אַקשאָנעסדיק, טאָג אויס טאָג אײַן.
און פרײַנט וועט זײַן אסאַך, אסאַך!
נאָר ס'וועלן אויכעט סאָנים זײַן.

איז לאָמיר דאָ באַם טיש אצינד
א וואָרט זיך געבן אפדאָסנײַ:
דעם פײַנט—צעשטויבן מיטן ווינט!
דעם פרײַנט, דעם פאָלק—זײַן אייביק טרײַ.

* *
*

כ'וואָלט פאַרבײַ בײַקאַל דעם קלאָרן
אף א שנעל־צוג איצט געפאָרן,
כ'וואָלט אין קאַנט, ווו ס'פליסט די בירע
בעטאָנירט די ברעגן אירע,
כ'וואָלט מיט האַק און זעג אַרײַנגיין
אין דער טיפעניש פון טײַגע,
דאָרט, ווו ווילדעניש זיך נעסטעט,
דורכהילכן וואָלט מײַן ווינטשעסטער.

טיף באַנאַכט אין הייסן דאָרעם
כ'וואָלט אין יאַם אַף פישפאַנג פאָרן,
כ'וואָלט געפלויגן מיט די פליערס
אַפן צאָפן צו די קריעס,
אַפן גרענעץ וואָלט איך וועלן
מיט אַ ביקס אין האַנט זיך שטעלן
און אין האַס מײַן בליק פאַרשאַרפן —
זאָל אין קעלט דעם סוינע וואַרפן!

כ'וואָלט אין שפּאַניע איצטער קומען,
אַ נאַהאַן וואָלט איך גענומען,
כ'וואָלט באַגלײַך מיט שפּאַניער פרויען
באַריקאַדן העלפן בויען,
צווישן קעמפער העלדיש־שטאַרקע
וואָלט איך זײַן אַ סאַניטאַרקע,
כ'וואָלט אין בלוטנדיקער כינע
צו דעם פײַנט געבראַכט מײַן סינע.

אומעטום כ'וואָלט זײַן אַצינדער!
כ'וואָלט אין יאַסליעס באָדן קינדער,
כ'וואָלט אין „פּראַוודאַ" וועלן ווערט זײַן
אַ קאָרעקטאָר דורך די נעכט זײַן,
פון מעטראָ כ'וואָלט זײַן אַ בויער.

גוט איז בויען אומגעהויער!
גוט צו זײַן אַ פּראָסטער וועכטער
בײַ דער מאַכט בײַ דער גערעכטער.

כ'וואָלט מיט סטאַלינס קאָנסטיטוציע
איצט געפאָרן אין יאַקוטיע,
אַף טשוקאָטקע, אין קאָלכידע, —
אומעטום כ'וואָלט זינגען לידער,
כ'וועל מיט אַלעמען זיך טיילן,
אַז כ'וועל דיך, מײַן סטאַלין, ווײַלן.

דו ביסט מײַנער, דו ביסט יעדנס,
ווער עס בויט דאָס גליק פון לעבן.
ס'האָט מײַן מאַמע מיך דערצויגן,
און זיך אויסגעקוקט די אויגן

אפ אזא ווי דו, מײַן פירער, —
ביסטו איצטער מײַנער, אירער,
אונדזער אַלעמענס. ביסט יעדנס,
ווער עס בויט דאָס גליק פון לעבן.

איך, פון דײַנע ייִנגסטע טעכטער,
הויב פאר דיר מײַן האנט מײַן רעכטע.

ניקאָלײַ טיכאָנאָוו

# דער באַפרײַטער פּראָמעטײ *)

א פינצטערער יאַנוואַר־אָוונט 1918 יאָר. א קלײנ שטעטעלע מיט אסאַך הינט, א פיצוכטלערישע, א קאַזאַקישע, א באַלעגופישע. א קלײנינקער טונקעלער זאַל פונ קינעמאַטאָגראַפ, ווו דער עקראַנ איז פאַרברודיקט פונ פליגנ, אונ בענק איז מער ווי שטולנ. א דערשטיקעניש. אינ די ווינקלענ פינצטער. עס ברענענ צוויי גאַז־לאָמפּנ.

אינ האַרבער פײַערלעכער אָנגעשטרענגטקײַט זיצנ אינ פינצטערנ זאַל א דרײַ הונדערט מענטשנ. די שטילקײַט פונ שטעטל איז א צײַטווײַליקע. אינגיכנ וועט זיכ עס צערעווענ פונקט אזוי, ווי דער ניט ווײַטער וולאַדיקאַווקאַז, ווו עס טראָגנ זיכ איבער די גאַסנ ווײַסע באַנדיטנ, ווו די שיסערײַ אונ דאָס קנאַקנ פונ די האַנט־גראַנאַטעס טרײַבנ ארויס די אײַנוווינער אינ די סטעפּעס. אינגיכנ וועט עס פול ווערנ מיט באַוואָפנטע מענטשנ, פונקט אזוי, ווי די סטאַניצעס ארום טערעק, וואָס אפ זײַנע בײדע ברעגנ האָבנ הינטער די דראָט־פאַרצאַמונגענ זיכ פאַרטײַעט די אַלטע סאָנים. אונ איבערנ טערעק שווימענ צונטער־רויטע קנוילנ ברענענדיקע נאַפט—א מאַטאָנע, וואָס דער רומפּולער טערעק וועט ברענגענ דעם אַלטנ קאַספּי, א מאַטאָנע, וואָס איז ניט ענלעכ אפנ לירישנ גאָב פונ לערמאָנטאָווס מוזע.

אינ דער דערשטיקעניש אונ פינצטערקײַט פונ מאָזדאָקישנ קינאָ־טעאַטער זיצנ די אויסדערוויילטע פונ די פעלקער פונ טערעקער געגנט. עס זיצנ באַלעבאַטים אינ בלויע שאַראָוואַרנ, קאַזאַקישע דעלעגאַטנ, סאָלדאַטישע אונ אַרבעטער־דעלעגאַטנ, דאָרפס־לײַט, מענטשנ פונ די שטאָטישע אונ סלאָבאָדישע זעלבסט־פאַרוואַלטונגענ, שלאַנקע אסעטינער, הויכע קאַבאַרדינער אונ א גרויסע מענגע שוואָטימ קלײנע אונ גרויסע. דאָס איז געווענ דער ערשטער אַלגעמײנער צוזאַמענפאָר פונ די פעלקער פונ טערעקער געגנט.

די לײדנשאַפטנ ברויזנ, אַנ אומרו שוועבט איבערנ זאַל.

היפּש האָט שוינ איבערגעלעבט דער צוזאַמענפאָר. די באָלשעוויקעס האָבנ שוינ באַוויזנ צו איבערצײַגנ דעם צוזאַמענפאָר צו שיקנ א פרידנ־דעלעגאַציע צו די אינגושנ אונ טשעטשענער. עס באַוואָפענענ זיכ שוינ די אומצופרידענע קאַזאַקישע אָנפירער, עס קומט שוינ אָנ אַנ איבערבראָכ־מאָמענט, עס איז שוינ פּראָקלאַמירט געוואָרנ

---

*) פונ דער זאַמלונג „סערגײ מיראָנאָוויטש קיראָוו אינ דער קינסטלערישער ליטעראַטור". 1937 י.

די ברידערלעכקײַט פון די פעלקער און דער זאל איז פול געוואָרן מיט די קלאַנגען פון „מאַרסעליעזע”, און די דעלעגאַטן הערן זי מיט אַנטבלויזטע קעפּ.

אין זאל איז פינצטער. אפ דער עסטראַדע שטייט קיראָוו. מיט דורשטיקער אָנ־שטרענגונג, פאַרווונדערט און פרײדיק הערן די דעלעגאַטן א פלאַמיקע רעדע, וואָס אזא וועט קײנער פון זײ קײנמאָל ניט קענען זאָגן.

אָט וויִאַזוי עס זעט אויס דער עמעסער האַס צו די סאָנים פון דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט! אָט וויִאַזוי מע קען אפּ א נײַעם אויפן זאָגן וועגן דער ליבע צו דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע!

אפ די מענטשן, וואָס זײַנען געווינט צו א גרוי, וואָכעדיק לעבן, האָט אַן אָטעם געטאָן אין פּאָנעם מיטן פײַער פון דער רעוואָליוציע. דער זאל האָט זיך געטרײסלט פון אינערלעכער באַגײַסטערונג, פונעם געפיל פון שטאָלץ און צאָרן, וואָס האָט אים איבערגעפולט. ער האָט ניט מוירע געהאַט צו רײדן שײן. אין אזא אָוונט, אינעם היסטאָרישן אָוונט, ווען ס'איז געשאַפן געוואָרן די ערשטע פאָלקס-מאַכט אין געגנט, וואָלט עס אפילע אין פערזן צום אוילאָם דערגאַנגען. ער האָט גערעדט וועגן פּראָ־מעטײען, וועלכער האָט ניט געוואָלט זײַן א שקלאַפ בא גאָט. ער האָט צוגעגאַנוועט פון הימל דעם פײַער, קעדײ צו ברענגען אים די מענטשן, דערפאַר איז ער באַשטראָפט געוואָרן, צוגעשמידט געוואָרן צו א פעלז.

ער האָט גערופן צו קעמפן ביזן לעצטן טראָפּן בלוט פאַר דער באַרגישער און קאַזאַקישער אָרעמשאַפט. די באַרג־מענטשן פלעגן פון אופרעגונג אופשפּרינגען און ווידער זיך זעצן. ווען עס איז אופגעשטאַנען דער איבערזעצער האָבן זײ אויס־געשריען: „מע דאַרף ניט! מיר האָבן אַלץ פאַרשטאַנען! דו וועסט אזוי אַלצײנס ניט זאָגן!”

אין אָט דעם אָוונט זײַנען אַסאַך קאַבאַרדינער, באַלקאַרער, אַסעטינער צום ערשטן מאָל, קען זײַן, אַרופגעטראָטן אפ דעם רומפולן וועג, וואָס האָט זײ גע־בראַכט אין די רײען פון די קעמפער פון דער רעוואָליוציע.

פיל פון זײ, ווען די ווײַסע האָבן שפּעטער פאַרטריבן אין די בערג, האָבן זיך דערוווּסט, וואָס איז אַזוינס די נעקאָמע פון קלאַסן־סוינע. פיל פון זײ האָבן איבערגעלעבט די מילכאָמע־יאָרן און לעבן פרײדלעך אפ דער ערד, וואָס די רעוואָ־ליוציע האָט אויסגעקעמפט, פיל זײַנען אוועק פון די בערג אין די שטעט, זײַנען געוואָרן אויסגעצײכנטע מײַסטערס, טאָקערס, שאָפערס, מעכאַניקער, דאָקטוירים, פאַראַשוטיסטן, לופט־פליִער, קאָמאַנדירן, אָבער אַלע האָבן זײ פאַרגעדענקט דעם דאָ־זיקן אָוונט אינעם ברודיקן פינצטערן זאל, וואָס פלעגן באַלויכטן ווערן מיט די בליצן פון רעוואָליוציאָנערער לײדנשאַפט.

קיראָוו האָט פאַרמאָגט א זעלטענעם טאַלאַנט צו עפענען די נעשאָמע פון דער רעוואָליוציע פאַר די סאַמע פּאָשעטע מענטשן מיט די סאַמע פּאָשעטע ווערטער. מיט דעם דאָזיקן צויבער־וואָרט האָט ער צעקלאַפּט די קײטן פון קאַווקאַזער פּראָמעטײ.

און ווען פּראָמעטײ האָט זיך אופגעהויבן, האָט ער מיט א גלענצנדער שנעלקײַט איבערגעריסן דעם גאָרגל דעם גרויזאַמען פויגל—דעם צווײקעפּיקן אָדלער,—וואָס האָט אים געהאַלטן אין די קײטן אַזויפיל יאָרן.

וסעוואָלאָד ווישניעווסקי

# מיר געדענקען*)

... מיר זײַנען געגאנגען צום אוריצקי־פלאַץ. דער טאַורישער פּאַרק האָט גערוישט. די שוואַרצע הויכע ביימער האָבן זיך געבויגן אונטערן ווינט. איך האָב זיך אָפּגעשטעלט — כ׳האָב דערקענט דעם בוים אין ווינקל בײַ דער גראַטע. דאָ איז ווינטער 1918—1917 י. געשטאַנען אונדזער פּאָסט. דער בוים האָט זיך עטוואָס געענדערט. פאַרבײַגייענדיק האָב איך אָנגערירט, אַ גלעט געטאָן זײַן קאָרע. בײַם אַרײַנגאַנג אין פּאַלאַץ האָט מען עפּעס אַ זאָג געטאָן. אין דער מינוט האָבן אַלע מיטאַמאָל דערפילט, אַז עפּעס האָט געטראָפן, ס׳האָט זיך געענדערט. צווישן דעם עולם — אַ באַוועגונג. „קיראָוו איז פאַרוווּנדעט“...

פיל מאָל האָב איך געזען מײַן שטאָט אין גרויסע אָנגעשטרענגטע טעג. זי האָט איר אויסזען, אירע טראַדיציעס.

מ׳האָט פאַרוווּנדעט קיראָוון! — קוים באַמערקבאַרע ענדערונגען זײַנען פאָרגעקומען אין די אויגן, אין די געזיכטן פון די מענטשן. עס זײַנען שטאַרק קאָנטיק געוואָרן אין זיי אַלע סימנים פון אָנשטרענגונג, ווי בײַ שלאַכט־לײַט אונטערן פײַער.

... „מע גיט אים זויערשטאָף...“ — די קאָמוניסטן פון לענינגראַד זײַנען געשטאַנען, אײַנהערנדיק זיך און דורכטראַכטנדיק ווידעראַמאָל — אַלץ פון אָנהייב אָן. ס׳איז ניט געווען קיין פאַרלוירנקײַט. דאָס זײַנען געווען מענטשן פון אַ באַזונדער מין, פון אַ באַזונדער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָבן זיך די מינוט מאָביליזירט. מע דערציילט אַז אַסאַך האָבן געטראַכט: קיראָוו וועט קומען אָפן פּאַרטיי־אַקטיוו אַפילו אַ פאַרוווּנדעטער... לענין האָט זיך אויך אַזוי געהאַלטן. אונדז האָט אַרומגעכאַפּט עפּעס אַן אינערלעכער צאַפּל. דאָס האַרץ איז צונויפגעפּרעסט געוואָרן פון אַ צופלוס פון געפילן און געדאַנקען. מע שיסט?! — אַלע מענטשן און מײַסים פון באָלשעוויזם האָבן מיטאַמאָל פאַרפולט די נעשאָמע און דעם באַוווּסטזײַן. מענטשן און מײַסים איז געווען אַזוי פיל און זיי זײַנען געווען אַזוינע פלאַמיק־הייסע און קאָלאָסאַלע, אַז אינווייניק אין האַרצן איז געווען פול איבער די ברעגעס. ס׳איז קענטיק געווען, ווי די פּנעמער זײַנען בלייך געוואָרן, די אויגן האָבן זיך ברייט צעעפנט. דאָס איז געווען אַ שלאַכט־גרייטקײַט און אומבאַכמאָנעסדיקײַט.

---

*) פון דער זאַמלונג „סערגיי מיראָנאָוויטש קיראָוו אין דער קינסטלערישער ליטעראַטור“. 1937 י.

דאָס אַלץ האָט ווי אַ וויכער זיך דורכגעטראָגן אין געדאַנק פאַר די עטלעכע מינוטן פון דערוואַרטונג. די קאָמוניסטן פון שטאָט זײַנען געקומען אויף אַקטיוו. די דיסציפּלין האָט ניט דערלויבט אָפּצוגיין, פאַרלירן זיך... „קיין פּאַרטאַקטיוו וועט ניט זײַן, כאַווײַרים“... אַלע האָבן זיך אָנגעשפּיצט. „קיראָוו איז געשטאָרבן“...

אויף די אויגן בײַ אייניקע כאַווײַרים האָבן זיך באַוויזן טרערן... וואָס טוט זיך עס, סערגיי מיראָנאָוויטש?—אָט איז ער מיט אונדז אויפן פראָנט,—אַ פעסטער, שפּאַסט און אַרבעט, אַן אײַנגעשפּאַרטער מיליטער־אָנפירער, אַ שאַרפזיכטיקער זיגער. און איצט אין סמאָלני—אָט דאָ ניט ווײַט, צוויי טריט,—ליגט ער אַ טויטער, דאָס פּאָנעם אין בלוט?..

מיטאַמאָל האָבן אין דער גאַנצער מעכטיקער פאַרזאַמלונג אויפגעפלאַמט צוויי געדאַנקען, צוויי פראַגעס: ווער האָט דערמאָרדעט? מיט וואָס וועלן מיר ענטפערן? געדאַנק, ווילן, טאַט. אַלץ איז בײַ באָלשעוויקעס פאַראייניקט אינאיינעם. קיינער האָט נאָך ניט געוווסט: ווער האָט געהאַרגעט. אָבער אָט איז פּינקטלעך,—וואָס איך האָב פאַרשריבן אין יענער שאָ... „מיר שטייען, מיר טראַכטן, מיר פרעגן: ווער? ס׳איז קלאָר—טעראָר. „אַזוי זיך“ קומט עס ניט פאָר. ווער האָט צוגעשיקט? דערינערונגען וועגן ווײַסן טעראָר פון 1918 יאָר... נו, וואַרט זשע!..“

מיט טרויעריק־אָנגעצונדענע הערצער האָבן מענטשן—אָן אַ רוף, אָן דירעקטיון—לויטן קלאַסן־באַפעל, וואָס האָט קיין טאָעס ניט,—זיך אַ לאָז געטאָן צו די זאַוואָדן, אין די טײַלן, אויף די שיפן... דער גרויסער לענינגראַד האָט אָנגעהויבן אַ מאָביליזאַציע. די מענטשן האָבן זיך ניט „געאײַלט“, נאָר זיך באַוועגט, ווי אין אָנהייב פון אַ גוואַלדיקער אָפּעראַציע. איר פּלאַן איז געווען אַ גלײַכער, אַ דראָענדיקער און איז ביזן סאָף געלייזט געוואָרן דאָ אויפן אָרט: כאַפּן און פאַרניכטן די פאַרעטער און מערדער. אַזוי האָבן מיר געטאָן פריִער, אַזוי וועלן מיר טאָן איצט און אויף ווײַטער.

פון די רעדאַקציעס זײַנען אָפּגעפאָרן מאַשינעס איינע נאָך דער אַנדערער. צו די זאַוואָדן, צו די אויסגאַלוסן פון די קויכעס! אין מאַנסלען, ניט אַראָפּנעמענדיק די היטלען זײַנען אין די קאַבינעטן אַרײַנגעקומען אַרבקאָרן. אַלע זײַנען געוואָרן עפּעס נעענטער איינער צום צווייטן, פּאַשעטער און בעסער. קיינער האָט נאָך ניט געוווסט די איינצלהײַטן. ניט צונויפגערעדט זיך,—איז די אַלגעמיינע מיינונג: „אַן אַגענטור; דער מערדער איז, ווײַזט אויס, פאַרבונדן מיט אויסלאַנד...“ דאָס איז געדרונגען פון דער לאָגיק פונעם קאַמף. ווער עס גייט אָפּ פון אונדז, יענער פאַלט אַרײַן גלײַך אַהין: צו די שוואַרצע סאָנים.

מאָסקווע־נאַרווער ראַיאָן. אָט דאָ זײַנען געשטאַנען דראָט־פאַרצאַמונגען אין האַרבסט 1919 יאָר.—אַ זאַוואָד... „עלעקטראָסילאַ“. „כאַווײַרים, אין סמאָלני איז דערמאָרדעט געוואָרן קיראָוו“. האַסטיקע, פאָרשנדיקע בליקן... דער סעקרעטאַר פון פאַרטקאָם, אַ מידער, פאַרקוועטשט די האַלב־אויפגעהויבענע האַנט.

דער נאַטשאַלניק פון דער זאַוואָדישער וואַך, אַן אַלטינקער, אין אַ שינעל, מיט אַ רעוואָלווער זאָגט: „צוויי אויגן פאַר איין אויג! איר זאָלט עס ניט פאַרגעסן“.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט דער פּראָלעטאַריאַט זיך דערוווסט: דער מערדער איז פון דער זינאָוויעוויש־טראָצקיסטישער אָרגאַניזאַציע. אַזוי. דערגאַנגען זײַנען די

מענוּוואָלים „קאָנסעקוועגט״. געשטערט אוּן פאראטנ פוּן 1905 יאָר אָן; באגיטיקט די מילכאָמע; אינ 1917 יאָר געשטויסנ לענינענ צום געריכט פוּן דער צײַטווײַליקער רעגירוּנג. געראטעוועט האָט לענינענ סטאלינ—באשטאנענ ער זאָל אוועקגײנ אינ אונטערערד. די יודעס האָבנ געזוכט אנדערע וועגנ, האָבנ ארויסגעגעבנ דעם פלאנ פוּן אָקטיאבער־אופשטאנד; האָבנ זיך צונויפגערעדט מיט די עסערנ אוּן מענשע־וויקעס וועגנ א „קאָאליציע־רעגירוּנג״, געשטרײַקט, פאסקודיעט, געשטויסנ צו מאפאָלעס, צו „דיסקוסיעס״, דעמאָנסטראציעס. איצט—אויסגעשאָסנ פוּן הינטער א ווינקל. דער ענטפער פוּן פאָלק איז: איר וועט גײנ אינ דער ערד.

באגינענ 2 דעקאבער. בא דער דרוקערײַ פײַכטע, גרוי־גרינע לאסט־אווטאָס. אפ דער צײַטונג ווארט מענ א גאנצע נאכט. מע ווארט ביז אינדערפרי... די צײַטונג האָט זיך געדרוקט מיט א פארשפעטיקונג: מע האָט געווארט אפ אנ אינפאָרמאציע פוּן מאָסקווע. די צײַטונגענ האָבנ זיך באוויזנ אפ די גאסנ צוויי אזייגער באטאָג. באם אָקטיאבערשנ וואָקזאל א האמוינ. די צײַטונג, וואָס איז צוגעקלאפט, ווי אינ־דערצײַט פוּן בירגער־קריג, צו דער וואנט, לײענט מענ אפ א קאָל. אונדזער פארטיי האָט געטראָפנ א גרויסער אומגליק...

מיט א געבראָכענער שטים לײענט א כאווער די שורעס, וואָס זײַנענ, ווי אלע פילנ, געשריבנ געוואָרנ מיט סטאלינס האנט: „ביז די לעצטע טעג פוּן אונדזער לעבנ אוּן קאמפ וועלנ מיר דיך דערמאָנענ, טײַערער פרײַנט, אוּן וועלנ פילנ די ביטערקײַט פוּן אונדזער פארלוסט. דו ביסט שטענדיק געווענ מיט אונדז אינ די יאָרנ פוּן שווערע שלאכטנ פארנ טריוּמף פוּן סאָציאליזם אינ אונדזער לאנד, דו ביסט שטענדיק געווענ מיט אונדז אינ די יאָרנ פוּן וואקלונגענ אוּן שוועריקײַטנ אינווייניק אינ אונדזער פארטיי, דו האָסט איבערגעלעבט מיט אונדז אלע שווערי־קײַטנ פוּן די לעצטע יאָרנ, אוּן מיר האָבנ דיך פארלאָרנ אינ א מאָמענט, ווענ אונ־דזער לאנד האָט דערגרייכט גרויסע זיגנ... זײַ געזעגנט, אונדזער טײַערער פרײַנט אוּן כאווער סערגיי!..״

דער טעלעגראפ טראָגט צו לענינגראד טויזנטער ווענדונגענ—פוּן אלע עקנ לאנד.

צו פינף אזייגער האָט דער אוילעם, קוים אָפּארבעטנדיק די נאָרמעס, א שטראָם געטאָנ צו סערגיי מיראָנאָוויטשעס טרונע אינ אוריצקי־פאלאצ. אסאך האָט געזענ אָט דער פאלאצ... ער האָט אָבער קײנמאָל ניט געזענ אזא טראגישע דערהויבנקײַט אוּן טרויער.

אלטע לײַט, געוועזענע פיטערער באלמעלאָכעס, שרײַבנ צו סטאלינענ אוּן אינ די טרערנ, וואָס זײַנענ געפאלנ אפנ בריוו, צעשווימענ זיך די אויסיעס: „מיר פאר־שטײענ גוט, ווי שווער עס איז דיר אינ אָט די טעג...״

אוּן אינ די אויערנ קלינגענ די ווערטער פוּנעם דערמאָרדעטנ, וואָס האָבנ אָפּ־געהילכט איבערנ גאנצנ לאנד אינ די טעג פוּן צוזאמענפאָר אינ יאנוואר 1934 יאָר: „דער טײַוול וייס עס, ווענ מע זאָל זאָגנ מענטשלעך, ווילט זיך עס אזוי לעבנ אוּן לעבנ,—אינדערעמעסנ, גיט א קוק וואָס עס טוט זיך!״... אוּן דער צוזאמענפאָר אוּן דאָס לאנד האָבנ געזענ דעם באצויבערנדיקנ מוטיקנ שמייכל פוּן דעם מענטשנ דעם העלד.

פיאָנערנ—קינדער, וואָס האָבנ צום ערשטנ מאָל אינ לעבנ געזענ טויט,—קוקנ

שווײַגנדיק, מיט ברייט צעעפנטע אויגנ אינ פּאָנעם פונ פארשטאָרבענעם. „טאטע, פארוואָס האָט מענ אימ דערמאָרדעט?..“—„ס'איז שווער דאָ צו דערציילנ, זונ מײַנער... דערפאר, וואָס ער האָט געזאָגט אונ מיט טאט פארפעסטיקט: „כאווײרימ, מיט אסאכ יאָרהונדערטער צוריק האָט א גרויסער מאטעמאטיקער געטרוימט צו געפינענ דעמ אָנשפּאר־פּונקט, קעדײ, אָנשפּארנדיק זיכ אפּ אימ, א קער טאָנ דעמ ערד־קײַלעכ. עס זײַנענ דורכגעגאנגענ יאָרהונדערטער, אונ דער דאָזיקער אָנשפּאר איז ניט נאָר געפינענ געוואָרנ, נאָר איז געשאפנ געוואָרנ דורכ אונדזערע הענט. ס'וועלנ דורכגיינ ניט קיינ סאכ יאָרנ, ווענ מיר מיט אײַכ וועלנ, אָנשפּארנדיק זיכ אפּ די דעראָבערונגענ פונ סאָציאַליזמ אינ אונדזער סאָוועטנלאנד, ביידע האלב־קײַלעכנ א א קער טאָנ אפנ וועג פונ קאָמוניזמ“.—„ווער האָט אימ דערמאָרדעט, טאטע?“—אימ האָבנ געהארגעט פארעטער־מערדער.

די שטאָט האָט זיכ געזעגנט מיט איר געטרײַענ קיראָוונ. מענטשנ זײַנענ געגאנגענ א גאנצע נאכט אונ דערנאָכ דעמ גאנצנ טאָג 3 דעקאבער. 4 אזייגער מיט 3 מינוט איז צו דער טרונע צוגעגאנגענ סטאלינ.

די סירענעס פונ לענינגראד האָבנ זיכ צעיאָמערט מיט מענטשלעכנ טרויער... סטאלינ האָט לאנג געקוקט אינ פּאָנעם פונ דערמאָרדעטנ. די טרונע האָט מענ אופגעהויבנ... דער טרויער־צוג האָט געצירט קיינ מאָסקווע.

מאָסקווע האָט אופגענומענ דעמ קערפּער פונ דערמאָרדעטנ פרײַנט אונ העלד. איבערנ שניי, אינדערשטיל, מיט געמאָסטענע טריט, מיט אנטבלויזטע קעפּ, טיפּ פארטראכט גייענ נאָכ דער טרונע דאָס פאָלק אונ די פירער.

זיבנ פּאָנענ איז געווענ איבער דער טרונע. צוויי אָרדענס זײַנענ געלעגנ אפּ סאמעט... דער ווינטער, דאָס פאָלק אונ די געשעענישנ זײַנענ ארײַנ אינ קאָלאָנענזאל. דער פארקעט איז אינגאנצנ פארטראָטנ: דאָס גייענ פארבײַ דער טרונע אינ מארש מאָסקווע, רוסלאנד אונ זעכציק פעלקער פונ סאַרבאנד, זעגענענדיק זיכ, — גייענ זיי, אָנעמענדיק זייערע באשלוסנ, וועלכע קענענ ניט געענדערט ווערנ.

ס'טאָגט... 6 דעקאבער. דאָס לאנד באערדיקט א מיליטער־עלטסטנ, א דענקער, אנ אָרגאניזאטאָר.

... א פראָסט אונ א רויטע זונ איבערנ קרעמל אונ רויטנ פלאצ. טונקל שײַנט זי אינגעמ אײַז־נעפּל. דאָס מיליטער טרעט אויס טונקעלע סטעזשקעס אפנ שניי. א רויטער פלאג, וואָס לאָזט זיכ ניט אראָפּ, וואָס איז אפּ אייביק אופגעהויבנ איבערנ ציק. לענינ, סענ־קאטאיאמא, דזערזשינסקי. פרונזע, קלארא צעטקינ... די זאלפנ דונערנ אינ הימל ארײַנ. א מיליאָנ מיט צוויי הונדערט טויזנט מענטשנ האָבנ אָנגעהויבנ דעמ מארש פארבײַ דעמ קייווער פונעמ העלד.

* * *

„ניט פארלירנ זיכ פאר די פארלוסטנ“, „דרייסט מיט א הייכ־פארהויבענעמ קאָפּ גיינ פאָרויס“...—האָט גערופנ קיראָוו. דאָס איז א קלאל, א געווינהײַט פונעמ פאָלק דעמ באָלשעוויק. אונ דאָס פאָלק איז געגאנגענ פאָרויס. די ארבעט האָט געענדערט אינ לאנד די נאטור אונ די מענטשנ. מע האָט א קער געטאָנ די וואָלגע. מע האָט געבויט פּאָרטנ אינ דער ארקטיק. מע האָט זיכ דורכגעשלאָגנ דורכ בארג־רוקנס

און דורכ דער טײַגע,—טראכטנדיק בא קאָמסאָמאָלסק: דער צוג וועט גײנ, ער דארפ גײנ אפילע ביז קאמטשאטקע. אזוי ווילנ מיר, אזוי וועלנ מיר טאָנ... אריבערגעיאָגט אייראָפּע אינ די אינדוסטריִעלע צײַגערס. מענטשנ האָבנ געוויזנ מערקווירדיקע בײַשפּילנ פונ רײנקײַט, גלײַכקײַט, ניט געוואקלטקײַט, ווילנ־פעסטקײַט.

און אפ דער דאָזיקער באוועגונג, וואָס לאָזט זיכ ניט פארגלײַכנ מיט קײנ שום זאכ ביז דער איצטיקער היסטאָרישער צײַט, האָבנ אופגעהויבנ זײערע ברודיקע הענט די טראָצקיסטישע מערדער און פארסאמער, די אגענטנ פונ פאשיזמ און די פארע־טער. מע האָט זײ געכאפּט בא דער האנט. זײער פארצעפּ איז פארקרימט געוואָרנ פונ מוירע...—מע האָט בא זײ אָפּגענומענ געווער מיט פאשיסטישע שטעמפּלענ. אלצ איז געווענ קלאָר. דער אורטײל איז געווענ א קורצער.

מיר געדענקענ קיראָוונ, ביזנ סאָפ פונ אונדזערע טעג. מיר גײענ פאָרויס אונ־טער דער פאָנ פונ לעניג־סטאלינ.

# דער טריומפ פונעמ סטאלינישנ בלאָק פונ די קאָמוניסטנ אונ אומפארטייִשע

א גלענצנדיקנ, קאָלאסאלנ זיג האָט אָפגעהאלטנ אפ די אלגעמיינע וואלנ אינעמ אויבער־ראט פונ פארבאנד ססר דער מעכטיקער סטאלינישער בלאָק פונ די קאָמוניסטנ אונ אומפארטייִשע, וועלכער האָט באוויזנ אזא ניט געוואקלטע איינמוטיקייט, אזא באהעפטקייט אונ מאָנאָליטקייט פונעמ סאָוועטישנ פאָלק, פונ וועלכע ס'האָט נאָכ קיינמאָל ביז איצט ניט געוווסט די געשיכטע פונ דער גאנצער מענטשהייט.

דאָס ערשטע מאָל אינ דער וועלט־געשיכטע, טאקע אינ אונדזער סאָוועטיש לאנד זיינענ איינגאנצנ אונ פולשטענדיק פארווירקלעכט געוואָרנ די אלגעמיינע, דירעקטע אונ גלייכע וואלנ דורכ דער געהיימער אָפשטימונג, איז פארקערפערט געוואָרנ אינ לעבנ דער סאָציאליסטישער דעמאָקראטיזמ, וועלכער איז דעקלארירט אונ בוילעט פאָרמולירט געוואָרנ אינ דער פרעכטיקער אונ גרויסארטיקער סטאלינישער קאָנסטיטוציע.

די סאכאקלענ פונ די אלגעמיינע וואלנ אינעמ אויבער־ראט פונ דער סאָציאליסטישער מעלוכע האָבנ באוויזנ די מעכטיקע מאָראלישע אונ פאָליטישע איינהייט פונעמ פרייענ סאָוועטישנ פאָלק. די סאכאקלענ פונ די וואלנ האָבנ באוויזנ נאָכאמאָל אונ נאָכאמאָל די גרענעצלאָזע ליבע, איבערגעגעבנקייט אונ צוטרוי פונ סאָוועטישנ פאָלק צו דער פארטיי פונ לענינ־סטאלינ, צו איר צענטראל־קאָמיטעט אונ צו דער סאָוועטישער רעגירונג, צומ גרויסנ אונ קלוגנ סטאלינ, דעמ ערשטנ דעפוטאט אינעמ אויבער־ראט פונ ססר, דעמ אלפאָלקישנ אויסדערוויילטנ פונעמ לאנד פונ סאָציאליזמ.

דער גרונט־לאָזונג פונ דער גאנצער וואל־קאמפאניע, וועלכער איז ארויסגערוקט געוואָרנ לויט דער איניציאטיוו פונעמ כאווער סטאלינ—דער סאמע ענגער בלאָק פונ די קאָמוניסטנ אונ אומפארטייִשע, דער סאמע פעסטער בונד פונ די באָלשעוויקעס אונ אומפארטייִשע ארבעטער, פויערימ, אָנגעשטעלטע אונ אינטעליגענצ—איז מיט דער גרעסטער פרייד אָנגענומענ געוואָרנ דורכ אלע ארבעטנדיקע מאסנ פונ אונדזער סאָציאליסטישנ היימלאנד. דער דאָזיקער אייזערנער סטאלינישער בלאָק פונ די קאָמוניסטנ אונ אומפארטייִשע, דער ניטגעוואקלטער וואל־פארבאנד פונ די קאָמוניסטנ אונ אומפארטייִשע, האָט געזיכערט א פולשטענדיקנ גלענצנדיקנ זיג פונעמ סאָוועטישנ פאָלק אפ די וואלנ אינ די אויבער־אָרגאנענ פונ דער סאָציאליסטישער מעלוכע פונ די ארבעטער אונ פויערימ.

די ענדגילטיקע אויסרעכענונג אונ סאכאקל־ציפערנ, וואָס זיינענ געווענ אָפגעדרוקט אינ דער מיטיילונג פונ דער צענטראלער וואל־קאָמיסיע, באווייזנ,

אז איבערן גאַנצן לאַנד האָבן גענומען אַן אָנטייל אינעם שטימען 91.113.153 מענטשן, ד. ה., 96,8 פּראָצ. פון דער צאָל וויילער.

אין אַלע וואַל־קרײַזן פאַר די וואַלן אין ראַט פון פאַרבאַנד האָבן געשטימט פאַר די קאַנדידאַטן פון בלאָק פון די קאָמוניסטן און אומפּאַרטיײַשע 89.844.271 מענטשן, וואָס עס באַטרעפט 98,6 פּראָצ. פון דער גאַנצער צאָל אָנטיילגענומער אינעם שטימען.

אין אַלע וואַל־קרײַזן פאַר די וואַלן אין נאַציאָנאַליטעטן־ראַט פון די פאַרבאַנדישע רעפּובליקן האָבן געשטימט פאַר די קאַנדידאַטן פונעם בלאָק פון די קאָמוניסטן און אומפּאַרטיײַשע 89.063.169 מענטשן, וואָס באַטרעפט 97,8 פּראָצ. פון דער גאַנצער צאָל אָנטיילגענומער אינעם שטימען.

אין אַלע וואַל־קרײַזן פאַר די וואַלן אין נאַציאָנאַליטעטן־ראַט פון די אויטאָנאָמע רעפּובליקן, אויטאָנאָמע געגנטן און נאַציאָנאַלע קרײַזן באַטרעפט די צאָל וויילער 10.353.188 מענטשן. פון זיי האָבן גענומען אַן אָנטייל אינעם שטימען 9.954.133 מענטשן, ד. ה. 96,2 פּראָצ. אין די דאָזיקע וואַל־קרײַזן האָבן געשטימט פאַר די קאַנדידאַטן פונעם בלאָק פון די קאָמוניסטן און אומפּאַרטיײַשע 9.757.435 מענטשן, וואָס באַטרעפט 98 פּראָצ. פון די אָנטיילגענומער אינעם שטימען.

אָט דאָס זײַנען די ציפער פון דער צאָל שטימען, וואָס זײַנען אָפּגעגעבן געוואָרן דורך די וויילער דעם 12־טן דעקאַבער פאַר די קאַנדידאַטן, וועלכע זײַנען אַרויסגערוקט געוואָרן אין דעפּוטאַטן פון ביידע פּאַלאַטעס פונעם אויבער־ראַט פון פאַרבאַנד סאָר דורכן סאָלידאַרן, פעסטן בלאָק פון די קאָמוניסטן און אומפּאַרטיײַשע. אינעם אומפאַרגעסלעכן היסטאָרישן טאָג דעם 12־טן דעקאַבער האָבן העכער 90 מיליאָן וויילער פון סאָוועטנלאַנד איינמוטיק אָפּגעגעבן זייערע שטימען פאַר די קאַנדידאַטן פונעם אומבאַזיגבאַרן סטאַלינישן בלאָק פון די קאָמוניסטן און אומפּאַרטיײַשע.

די דאָזיקע מערקווירדיקע פאַקטן און ציפערן, וועלכע עס וועלן אויף לאַנג פאַרגעדענקען אונדזער גאַנצע לאַנד און די גאַנצע וועלט, שטעלן מיט זיך פאָר איינע פון די סאַמע בוילעטע, סאַמע שטאַרקע און אומבאַשטרײַטבאַרע באַווײַזן פון דער קאָלאָסאַלער מעכטיקײַט פון אונדזער סאָציאַליסטישער מלוכה, פון דער ניט געוואַקלקער מאָראַלישער און פּאָליטישער איינהײַט פון סאָוועטישן פאָלק, פון זײַן ניט געוואַקלטן ווילן צום קאַמף פאַר די ווײַטערדיקע זיגן פון סאָציאַליזם, פון זײַן גרענעצלאָזער ליבע, איבערגעגעבנקײַט און צוטרוי צו דער לײַבלעכער באָלשעוויסטישער פאַרטיי, צום לײַבלעכן פאָטער, קלוגן לערער, דעם גרויסן סטאַלין. אומצערײַסבאַר זײַנען די ענגסטע פעדים פון דער ברידערלעכער פאַרבינדונג, פון דער לײַבלעכער פרײַנטשאַפט פון סאָוועטישן פאָלק און דער באָלשעוויסטישער פאַרטיי, וואָס איז אויסגעפּרוּווט און פאַרהאַרטעוועט געוואָרן אין די שלאַכטן קעגן אַלע סאָנים פון סאָציאַליסטישן פאָטערלאַנד.

די גרעסטע, אָנגעזויענסטע סאַכאַקלען פון די וואַלן אין אויבער־ראַט פון פאַרבאַנד סאָר זײַנען געווען אַ רעזולטאַט פונעם אומגעהויערן וווּקס פון דער פּאָליטישער אַקטיווקײַט און פּראָדוציר־אויפשטײַג פון די מיליאָניקע מאַסן אַרבעטנדיקע פונעם איינהײַטלעכן סאָוועטישן פאָלק, וואָס האָט אונטער דער אָנפירונג פון דער

באָלשעוויסטישער פּארטיי, זיכ באהעפסט ארומ דער גרויסער, זיגרײַכער פאָנ פונ לענינ־סטאלינ. די סאכאקלענ פונ די אלגעמיינע, דירעקטע, גלײַכע אונ געהיימע וואלנ אינ אויבער־ראט האָבנ נאָכ אונ נאָכאמאָל בוילעט דעמאָנסטרירט דעמ קאָלאָסאלסטנ אווטאָריטעט אונ די ווירקונג פונ דער פּארטיי פונ לענינ־סטאלינ, דעמ פאָרגעשריטענעמ אוואנגארד פונ די ארבעטנדיקע מאסנ, דער גרונטיקער אָנפירנדיקער קראפט פונ דער סאָציאַליסטישער געזעלשאפט.

דאָס פרײַע, פריידיקע אונ גליקלעכע סאָוועטישע פאָלק, דאָס העראָישע פאָלק, דער גיבער, וועלכער לעבט א פולבלוטיק, שעפעריש אונ קולטורעל, פארמעגלעכ אונ פריילעכ לעבנ, האָט איינמוטיק געשטימט פאר דער פּארטיי פונ לענינ־סטאלינ, פאר די קאַנדידאטנ פונעמ סטאלינישנ בלאָק פונ די קאָמוניסטנ אונ אומפּארטייִשע, פאר די נײַע ווײַטערדיקע זיגנ פונ סאָציאַליזמ, פארנ טריומפ פונ קאָמוניזמ אינ אונדזער לאנד אונ איבער דער גאנצער וועלט. אונדזער פילמיליאָניקע סאָוועטישע פאָלק האָט מיט זײַנ איינמוטיקנ שטימענ אונטערגעשטראָכנ פאר דער גאנצער וועלט זײַנ פולשטענדיקנ באגייסטיקנ אונ אנערקענענ די ריכטיקײַט פונ דער פּאָליטיק פונ דער גענעראלער ליניע פונ דער לעניניש־סטאלינישער פּארטיי, וואָס האָט געזיכערט דאָס אויסבויענ דעמ סאָציאַליזמ אונ א גליקלעכ לעבנ פאר אלע ארבעטנדיקע.

מיט 20 יאָר צוריק האָט דער אומשטערבלעכער געני פונ דער רעוואָלוציע וו. אי. לענינ געשריבנ:

„מיר זײַנענ דורכגעגאנגענ מיטנ זיגרײַכנ טריומפאלנ מארש פונעמ באָלשעוויזמ פונ עק אינ עק פונעמ קאָלאָסאלנ לאנד. מיר האָבנ אופגעהויבנ צו פרײַהײַט אונ צו א זעלבסטשטענדיק לעבנ די סאמע נידעריקע פונ די שיכטנ ארבעטנדיקע מאסנ, וואָס זײַנענ געווענ אונטערדריקט דורכנ צאריזמ אונ דורכ דער בורזשואַזיע. מיר האָבנ אײַנגעפירט אונ פארפעסטיקט די סאָוועטישע רעפּובליק, א נײַעמ טיפ מעלוכע, וואָס איז אומגעהויער העכער אונ דעמאָקראטישער, ווי די בעסטע פונ די בורזשואַז־פּארלאמענטארישע רעפּובליקנ. מיר האָבנ אײַנגעשטעלט די דיקטאטור פונ פּראָלעטאריאט, וואָס ווערט אונטערגעשטיצט פונ אָרעמסטנ פּויערטומ, אונ אָנגעהויבנ א ברייט־פארטראכטע סיסטעמ פונ סאָציאַליסטישע איבערגעשטאלטונגענ. מיר האָבנ דערוועקט א גלויבנ אינ די אייגענע קויכעס אונ האָבנ אָנגעצונדנ דעמ פײַער פונ ענטוזיאזמ בא מיליאָנענ אונ מיליאָנענ ארבעטער פונ אלע לענדער“.

דער באָלשעוויסטישער פײַער פונ רעוואָלוציאָנערנ ענטוזיאזמ, וואָס ווערט קיינמאָל ניט פארלאָשנ, אינ וועלכנ עס האָבנ אָנגעצונדנ אינ די הערצער פונ הונדערטער מיליאָנענ ארבעטנדיקע די געניאַלע פירער לענינ אונ סטאלינ, האָט זיכ פאנאנדערגעברענט אינ א מעכטיקנ פלאמ פונ אלפאָלקישנ קאמפּ פאר נײַע אונ נײַע זיגנ פונ סאָציאַליזמ, פארנ ווײַטערדיקנ טריומפאלנ מארש פונעמ באָלשעוויזמ איבערנ גאנצנ לאנד, איבערנ גאנצנ ערד־קײַלעכ. אזא איז דער ניטגעוואקלטער ווילנ פונעמ גאנצנ סאָוועטישנ פאָלק, וואָס איז פארווירקלעכט געוואָרנ אינ דער פּראקטיק אונ וואָס איז אויסגעדריקט פעסט אונ פולווערטיק אינ די גלענצנדיקע סאכאקלענ פונ די וואלנ אינ אויבער־ראט פונ אונדזער סאָציאַליסטישנ לאנד.

" „ "

יעדן פּאַרטייער, יעדן אַרבעטנדיקן דאַרף זײַן קלאָר און פאַרשטענדלעך די גראַנדיעזע פּאָליטישע באַדײַטונג פון די סאַכאַקלען פון די וואַלן אין אויבערראַט פון אונדזער סאָציאַליסטישן היימלאַנד. מיט אַ ניט געוועזענער אַלפאָלקישער פרייד, מיט אַ שטורמישן אַלפאָלקישן טריומף האָבן די סאָוועטישע בירגער באַגעגנט די סאַכאַקלען פון די וואַלן אינעם העכסטן אָרגאַן פון אונדזער פּרעכטיקן סאָציאַליסטישן היימלאַנד.

די גרעסטע פּאָליטישע באַדײַטונג פונעם פולשטענדיקן זיג פונעם וואַל־בלאָק פון די קאָמוניסטן און אומפּאַרטייִשע אַף די וואַלן באַשטייט פריער פון אַלץ אין דעם, וואָס צום ערשטן מאָל האָט די גאַנצע וועלט ווירקלעך דערזען אַ פרײַ פאָלק, וואָס האָט ווירקלעך פרײַ אויסגעדריקט זײַן פרײַען ווילן. טאַקע דערפאַר איז דער טאָג פון די וואַלן—12 דעקאַבער—פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ווירקלעך אַלפאָלקישן יאָנטעוו פון אונדזערע אַרבעטער, פון אונדזערע פויערים, פון אונדזער אינטעליגענץ.

„קיינמאָל אין דער וועלט—האָט געזאָגט דער כאַווער סטאַלין—איז ניט געווען אַזעלכע ווירקלעך פרײַע און ווירקלעך דעמאָקראַטישע וואַלן, קיינמאָל! די געשיכטע ווייס ניט פון נאָך אַזאַ בײַשפּיל. די זאַך גייט ניט וועגן דעם, וואָס בײַ אונדז וועלן די וואַלן זײַן אַלגעמיינע, גלײַכע, געהיימע און דירעקטע, כאָטש דאָס אַליין פאַר זיך האָט אַ גרויסע באַדײַטונג. די זאַך גייט וועגן דעם, וואָס די אַלגעמיינע וואַלן וועלן זײַן בײַ אונדז דורכגעפירט ווי אַמערסטן פרײַע וואַלן און אַמערסטן דעמאָקראַטישע אין פאַרגלײַך מיט די וואַלן פון אַ יעטווידער אַנדער לאַנד אין דער וועלט".

אָפּמערקנדיק די ריזיקע באַדײַטונג פונעם סאָציאַליסטישן דעמאָקראַטיזם, וועלכער איז פולשטענדיק פאַרווירקלעכט געוואָרן בלויז בײַ אונדז אין לאַנד, און די פאַלשע דעמאָקראַטיע פון די וואַלן אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער האָט דער כאַווער סטאַלין געזאָגט:

„אַלגעמיינע וואַלן גייען דורך און האָבן אַן אָרט אויך אין אייניקע קאַפּיטאַליסטישע לענדער, אַזויגערופענע, דעמאָקראַטישע. נאָר אין אַ וועלכער אומגעבונג גייען דאָרט דורך די וואַלן? אין אַן אומגעבונג פון קלאַסן־צוזאַמענשטויסן, אין אַן אומגעבונג פון קלאַסן־סינע, אין אַן אומגעבונג פון דרוק אַף די ווײַלער מיצאַד די קאַפּיטאַליסטן, גוטבאַזיצער, באַנקירן און אַנדערע רויב־פיש פונעם קאַפּיטאַליזם. מע קען ניט אָנרופן אַזעלכע וואַלן, אַפילע ווען זיי זײַנען אַלגעמיינע, גלײַכע, געהיימע און דירעקטע, פולקאָם פרײַע און פולקאָם דעמאָקראַטישע וואַלן".

נאָר אַן אַנדער זאַך איז בײַ אונדז, אינעם לאַנד פון דער סאַמע פרײַער, סאַמע דעמאָקראַטישער קאָנסטיטוציע אין דער וועלט. אונדזערע אַלגעמיינע, דירעקטע און גלײַכע וואַלן בײַ דער געהיימער אָפּשטימונג גייען דורך אין גאָר אַן אַנדער אומגעבונג, אינגאַנצן ניט ענלעך אַף דער אומגעבונג אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער. אָפּמערקנדיק גענוי, אָט דעם גרונט-אונטערשייד, האָט דער כאַווער סטאַלין געזאָגט:

„בײַ אונדז אין אונדזער לאַנד, פאַרקערט, קומען פאָר די וואַלן אין גאָר אַן

אנדער אומגעבונג. בא אונדז זײַנענ ניטאָ קיינ קאַפּיטאַליסטנ, ניטאָ קיינ גוטבאַזיצער, איז, אַלזאָ, ניטאָ אויכ קיינ דרוק מיצאַד די פאַרמעגלעכע קלאַסנ אפ די ניט פאַרמעגלעכע. בא אונדז קומענ פאָר די וואַלנ אינ אנ אומגעבונג פונ מיטאַרבעט פונ די אַרבעטער, פּויערים, אינטעליגענצ, אינ אנ אומגעבונג פונ זייער קעגנזײַטיקנ צוטרוי, איז אנ אומגעבונג, וואָלט איכ געזאָגט, פונ קעגנזײַטיקער פרײַנטשאַפט, ווײַל בא אונדז זײַנענ ניטאָ קיינ קאַפּיטאַליסטנ, ניטאָ קיינ גוטבאַזיצער, ניטאָ קיינ עקספּלואַטאַציע אונ ס'איז ניטאָ, אייגנטלעכ, ווער עס זאָל דריקנ אפנ פאָלק, קעדיי צו פאַרקריפּלענ זײַנ ווילנ.

אָט פאַרוואָס אונדזערע וואַלנ זײַנענ די איינציקע ווירקלעכ פרײַע אונ ווירקלעכ דעמאָקראַטישע אינ גאַנ דער וועלט".

די דאָזיקע מערקווירדיקע סטאַלינישע ווערטער האָבנ זיכ פולקאָמ באַשטעטיקט אפ די אַלגעמיינע וואַלנ אינעמ אויבער־ראַט פונ פססר. נאָכ קיינמאָל, אינ קיינ איינ לאַנד פונעמ ערדקײַלעכ האָט דאָס פאָלק זיכ ניט באַנוצט מיט אַזאַ פרײַהײַט אפ אויסצודריקנ זײַנ ווילנ, האָט ניט געהאַט אַזעלכע מאַטעריעלע מעגלעכקײַטנ, אַזעלכע פולע גאַראַנטיעס פאַר פאַרווירקלעכנ זייערע רעכט, ווי דאָס פרײַע פאָלק פונ אונדזער סאָציִאַליסטישער מעלוכע!

דאָס גאַנצע איינהײַטלעכע סאָוועטישע פאָלק האָט אינ טאָג פונ די וואַלנ דעמ 12 דעקאַבער אַרויסגעוויזנ זײַנ גראַנדיִעזע פּאָליטישע אַקטיווקײַט, הויכע פּאָליטישע רײַפקײַט. די וועלט האָט נאָכ קיינמאָל ניט געזענ אַזאַ וווּנדערלעכע איינהײַט פונ פאָלק, אַזאַ הויכע פּאָליטישע באַוווּסטזיניקײַט, אָרגאַניזירטקײַט אונ באַהעפטקײַט פונ די פילמיליאָניקע פאָלקס־מאַסנ, זייער שטאָלענע באַהעפטקײַט אונ מאָנאָליטישקײַט, זייער נאָענטקײַט אונ איבערגעגעבנקײַט צו זייער ליבלעכער פּאַרטיי, צו דער רומפולער פּאַרטיי פונ ל ע נ י נ ־ ס ט א ל י נ.

אַזעלכע סאַכאַקלענ פונ די פרײַע אונ דעמאָקראַטישע וואַלנ זײַנענ דערגרייכט געוואָרנ בלויז אַדאַנק דעמ טריומפ פונ סאָציִאַליזמ אינ אונדזער לאַנד, וואָס איז דעראָבערט אונטער דער אָנפירונג פונ דער לענינישסטאַלינישער פּאַרטיי. אָט דאָס האָט בוילעט אויסגעדריקט דער כאַווער סטאַלינ, ווען ער לערנט אונדז:

„אַזעלכע פרײַע אונ ווירקלעכ דעמאָקראַטישע וואַלנ האָבנ געקענט אַנטשטיינ בלויז אפנ באָדנ פונעמ טריומפ פונ דער סאָציִאַליסטישער אָרדענונג, בלויז אפ דער באַזע פונ דעמ, וואָס בא אונדז ווערט דער סאָציִאַליזמ ניט פּאָשעט געבויט, נאָר ער איז ארײַנ אינ שטייגער, אינעמ טאָגטעגלעכנ שטייגער פונ פאָלק. מיט א יאָר 10 צוריק, וואָלט מענ געקאָנט דיסקוטירנ וועגנ דעמ, צי קענ מענ בא אונדז בויענ דעמ סאָציִאַליזמ אָדער ניינ. איצט איז עס שוינ ניט קיינ דיסקוסיע־פראַגע. איצט איז עס א פראַגע פונ פאַקטנ, א פראַגע פונ לעבעדיקנ לעבנ, א פראַגע פונ שטייגער, וואָס דרינגט דורכ דאָס גאַנצע לעבנ פונ פאָלק. אפ אונדזערע פאַבריקנ אונ זאַוואָדנ אַרבעט מענ אָנ קאַפּיטאַליסטנ. עס פירנ אָנ מיט דער אַרבעט מענטשנ פונ פאָלק. אָט דאָס ווערט בא אונדז אָנגערופנ סאָציִאַליזמ אינ טאַט. אפ אונדזערע פעלדער אַרבעטנ אַרבעטס־לײַט פונ דער ערד אָנ גוטבאַזיצער, אָנ באַלעגופים, עס פירנ אָנ מיט דער אַרבעט מענטשנ פונ פאָלק. אָט דאָס ווערט בא אונדז אָנגערופנ סאָציִאַליזמ אינ שטייגער, אָט דאָס ווערט בא אונדז אָנגערופנ א פרײַ, סאָציִאַליסטיש לעבנ.

אָט אפ דער דאָזיקער באזע זײַנענ בא אונדז אנטשטאנענ נײַע, ווירקלעכ פרײַע און ווירקלעכ דעמאָקראטישע וואלנ, וואלנ וואָס קײנ גלײַכנ צו זײ איז ניטאָ אינ דער געשיכטע פונ דער מענטשהײַט״.

נאָר אפ דער באזע פונ סאָציִאליזמ, וואָס איז אויסגעבויט בא אונדז אינ לאנד און וואָס האָט דורכגעדרונגענ אלע פאָרנ פונעמ פאָלקס־לעבנ און אָרגאניזמ, האָט געקענט זיכ פאנאנדערבליִענ דער סאָוועטישער, סאָציִאליסטישער דעמאָקראטיזמ. נאָר די פארטײ פונ ל ע נ י נ־ס ט א ל י נ, איר ריכטיקע פאָליטיק און אָנפירונג, איר שטענדיקע זאָרג וועגנ פאָלק, וועגנ זײַנ גליקלעכנ און פרײדיקנ לעבנ האָבנ געבראכט צומ טריִומפ פונ סאָציִאליזמ, צומ טריִומפ פונ באָלשעוויזמ אינעמ גאנצנ לאנד. טאקע אפ דער דאָזיקער באזע זײַנענ מיט אומגעהויערנ דערפאָלג דורכגעגאנגענ די וואלנ אינעמ אויבער־ראט, אפ וועלכנ עס האָט אָפגעהאלטנ א גראנדיִעזנ זיג דער סטאלינישער וואל־פארבאנד, דער פעסטער בלאָק פונ די קאָמוניסטנ און אומפארטײיִשע.

די פאָליטישע באדײַטונג פונעמ זיג פונעמ סטאלינישנ וואל־בלאָק אפ די וואלנ אינעמ אויבער־ראט ווערט באשטימט מיט דעמ, וואָס נאָכ און נאָכאמאָל איז דורכגעדעמאָנסטרירט דער אומגעוואקלטער צוטרוי און איבערגעגעבנקײַט פונ אונדזער פאָלק צו דער פארטײ פונ ל ע נ י נ־ס ט א ל י נ. שטימענדיק פאר די קאנדידאטנ פונעמ סטאלינישנ בלאָק, האָט דאָס סאָוועטישע פאָלק געשטימט פאר דער פארטײ, פאר איר באליבטנ פירער און לערער, פארנ גרויסנ ס ט א ל י נ. מיט זײַנ אײנמוטיקער אָפשטימונג האָט דאָס סאָוועטישע פאָלק פולשטענדיק ב א ג י ט י ק ט די גאנצע טעטיקײַט פונ אונדזער פארטײ, איר אָנפירונג מיט דער גאנצער א ו י ס ע ר ל ע כ ע ר און א י נ ע ר ל ע כ ע ר פאָליטיק פונ דער סאָציִאליסטישער מעלוכע, איר אומדערמידלעכנ אָנראכמאָנעסדיקנ קאמפ קעגנ אלע סאָנימ פונ פאָלק, קעגנ די פארשאָלטענע דרײַ מאָל פאראכטע טראָצקיסטיש־זינאָוויעווישע און בוכאריניש־ריקאָווישע שפיאָנענ, שעדיקער, דיווערסאנטנ און אויסשפירער פונ בלוטיקנ פאשיזמ.

אָנגעפירט דורכ דער באָלשעוויסטישער פארטײ, האָט דאָס סאָוועטישע פאָלק אָפגעצײכנט די וואלנ ניט נאָר מיט אײנמוטיקער אָפשטימונג, נאָר אויכ מיט א גיגאנטישנ פראָדוציר־אופשטײַג, מיט א וווּקס פונ סטאכאנאָווישע רעקאָרדנ, מיט העכערנ די פראָדוקטיווקײַט פונ ארבעט אפ די פאבריקנ, זאוואָדנ, אינ די שאכטעס און אפנ טראנספאָרט, אינ דער לאנדווירטשאפט, מיט א נײַעמ וווּקס פונ קולטור־דערגרײכונגענ, קולטור־ווערטנ און רײַכקײַטנ.

מיט דער אײנמוטיקער אָפשטימונג האָט דאָס סאָוועטישע פאָלק נאָכ שטארקער פארפעסטיקט די קראפט פונעמ ראטנפארבאנד, האָט נאָכ העכער אופגעהויבנ דעמ צ ו ו י ש נ פ ע ל ק ע ר ל ע כ נ אווטאָריטעט פונ אונדזער גרויסער סאָציִאליסטישער מעלוכע, איר שוצפײַקײַט. סטאלינס טרײַער מיטקעמפער, דער הויפט פונ דער סאָוועטישער מעלוכע כאווער וו. מ. מ אָ ל אָ ט אָ ו, האָט אינ זײַנ ארויסטרעטונג אפ א פאָרוואל־פארזאמלונג אונטערגעשטראָכנ:

„די סאָלידארע וואלנ אינעמ העכסטנ ראט, דאָס אָנטײלנעמענ פונ אלע 90 מיליאָנ ווײלער אינ די וואלנ דעמ 12 דעקאבער, וועלנ פארפעסטיקנ אפנ שטארקסטנ אויפנ די מעכטיקײַט פונעמ ראטנפארבאנד, וועלנ אופהײבנ נאָכ העכער די סאָוועטנ־

מאכט, וועלנ בארימט מאכנ די גרויסע פּאָנ פונ לענינ־סטאלינ אינ די אויגנ פונ די ארבעטנדיקע פונ אלע לענדער.

מיר דארפנ אזוי דורכפירנ די וואלנ אינעמ אויבער־ראט, אז די רויטע שײַנ פונ די קרעמעל־שטערנ זאָלנ א ליכט טאָנ נאָכ העלער פאר די ארבעטנדיקע פונ פּססר אונ פאר אלע ארבעטנדיקע פונ אלע לענדער אונ אז אונדזער פּארטיי אונ דער כאווער סטאלינ זאָלנ זאָגנ וועגנ די וואלנ איינ וואָרט: „גוט“!

אונדזער פּארטיי האָט געזיכערט די פאררוירקלעכונג פונעמ סטאלינישנ לאָזונג וועגנ דעמ בלאָק פונ די קאָמוניסטנ אונ אומפּארטייִשע. אפ דער דאָזיקער באזע זײַנעג דורכגעגאנגענ די וואלנ בא א גרויסנ, אומגעהויערנ אופשטײַג פונעמ גאנצנ סאָוועטישנ פאָלק, וואָס האָט איינמוטיק געשטימט פאר דער באָלשעוויסטישער פּארטיי, פאר דער סאָוועטנרעגירונג, פארנ גרויסנ, קלוגנ פירער סטאלינ.

* * *

די ענגע פארבינדונג פונ דער פּארטיי מיט דער גאנצער מאסע פונ פאָלק, וואָס איז פעסט צעמענטירט געוואָרנ אינ פארלויפ פונ צוואנציקיאָריקער עקזיסטענצ פונ דער סאָוועטנמאכט, איז געוואָרנ אנ אומבאזיגבארע קראפט, וואָס האָט געבראכט צומ אלפאָלקישנ טריומפ אינעמ היסטאָרישנ טאָג פונ די וואלנ אינעמ אויבער־ראט פונ אונדזער לאנד. אינעמ דאָזיקנ טאָג האָט דאָס פאָלק אויסגעוויילט אינ די העכסטע אָרגאנענ פונ דער מעלוכע־מאכט אירע בעסטע זינ, אירע בעסטע טעכטער, מיטגלידער פונ דער העראָישער פּארטיי פונ לענינ־סטאלינ, שטאנדהאפטיקע אומפּארטייִשע קעמפער פאר פרײַהײַט, פאר גליק פונ פאָלק, פאר אומאָפּהענגיקײַט אונ אופבלי פונ אונדזער סאָציאַליסטישנ היימלאנד.

אינגאנצנ זײַנענ אינעמ אויבער־ראט אויסגעוויילט געוואָרנ 1143 דעפּוטאטנ. פונ זיי 855 קאָמוניסטנ אונ 288 אומפּארטייִשע. צווישנ די דעפּוטאטנ זײַנענ 184 פרויענ אונ 959 מענער. דאָס זײַנענ ווירקלעכע פאָרשטייער, די בעסטע אויסדערוויילטע פונעמ גאנצנ פאָלק, די בעסטע אויסדריקער פונ זײַנע שטרעבונגענ, פונ זײַנ ווילנ, אונ האָפענונגענ. אינעמ באשטאנד פונ די דעפּוטאטנ אינעמ אויבער־ראט גייענ ארײַנ פאָליטישע טוער פונ סאמע פארשיידענע מאסשטאבנ—פונ טוער פונ קאָלווירטנ אונ ביז אָנפירער פונ דער סאָציאַליסטישער מעלוכע. אלע פעלקער—אפילע די סאמע קלענסטע—האָבנ זייערע פאָרשטייער אינעמ אויבער־אָרגאנ פונעמ גרויסנ פארבאנד פונ סאָוועטישע סאָציאַליסטישע רעפּובליקנ. אלע דעפּוטאטנ פונ פאָלק זײַנענ דורכגעדרונגענ אונ פארבונדנ מיט איינ געדאנק, מיט איינ שטרעבונג, מיט איינ ווילנ צו מאכנ אונדזער סאָוועטישע מעלוכע נאָכ שטארקער, נאָכ פעסטער, נאָר מער שוצפייִק, גליקלעכ אונ רײַכ צו פאכאד די סאָנימ, צו פרייד די פרײַנט אינ אלע לענדער.

יעדער דעפּוטאט פונעמ אויבער־ראט פארמאָגט הויכנ צוטרוי פונ פאָלק אונ טראָגט א גרויסע פאראנטוואָרטלעכקײַט פארנ פאָלק, פאר זײַנע וויילער. ער דארפ זײַנ א געטרײַער דינער פונ פאָלק אונ שטענדיק שעצנ, האלטנ טײַער דעמ צוטרוי פונ פאָלק, ניט אָפּטרעטנדיק אונ ניט אָפּקערעווענדיק פונ דעמ וועג, וועלכנ ס'האָבנ אימ אָנגעוויזנ די פּארטיי אונ דאָס פאָלק.

מע דארפ שטענדיק פארגעדענקנ אונ אויספילנ דאָס, וואָס ס'האָט אונדז געלערנט דער כאווער סטאלינ:

„די ווילער, דאָס פאָלק דארפנ פאָדערנ פונ זייערע דעפוטאטנ, אז זיי זאָלנ פארבלייַבנ אפ דער הויכ פונ זייערע אופגאבנ, אז זיי זאָלנ אינ זייער ארבעט זיכ ניט אראָפלאָזנ צום ניוואָ פונ פאָליטישע באלעבעסלעכ, אז זיי זאָלנ פארבלייַבנ אפנ פּאָסטנ פונ פאָליטישע טוער פונ לעניניש טיפ, אז זיי זאָלנ זייַנ פונקט אזוינע קלאָרע אונ באשטימטע טוער ווי לענינ, אז זיי זאָלנ זייַנ פונקט אזוינע אומשרעקבארע אינ שלאכט אונ אָנראכמאָנעסדיקע צו די סאָנים פונ פאָלק, ווי ס'איז געווענ לענינ, אז זיי זאָלנ זייַנ פרייַ פונ יעטווידער פאניק, פונ יעטווידער ענלעכקייַט צו פאניק, ווענ די זאכ הויבט אָנ קאָמפּליצירט ווערנ אונ אפנ האָריזאָנט צייכנט זיכ אָנ א וואָסער ניט איז געפאר, אז זיי זאָלנ זייַנ פונקט אזוי פרייַ פונ יעטווידער ענלעכקייַט צו פאניק, ווי ס'איז פרייַ געווענ לענינ, אז זיי וועלנ זייַנ פונקט אזוינע קלוגע אונ ניט געײַלטע באם לייזנ קאָמפּליצירטע פראגנ ווו עס איז נייטיק אנ אלזייַטיקע אָריענטאציע אונ אנ אלזייַטיקער דיסקאָנט פונ אלע פליוסנ אונ מינוסנ ווי ס'איז געווענ לענינ, אז זיי זאָלנ זייַנ פונקט אזוינע עמעסדיקע אונ ערלעכע ווי ס'איז געווענ לענינ, אז זיי זאָלנ פונקט אזוי ליב האָבנ זייער פאָלק ווי ס'האָט ליב געהאט לענינ".

אונדזער באָלשעוויסטישע פארטיי האָט געזיכערט די גרעסטע זיגנ פונ סאָציאַליזם דערפאר, ווייַל זי איז געווענ באוואָפנט מיט דער אומשטערבלעכער רעוואָליוציאָנערער לערע פונ מארקס־ענגעלס־לענינ־סטאלינ, איז שטענדיק געווענ צוזאמענ מיט די מאסנ פונ גאנצנ פאָלק אונ אינדערשפּיצ פונ פאָלק, האָט געהאט אזעלכע גענייַאלע פירער, וועלכע עס האָט ניט געהאט קיינ איינ קלאס, קיינ איינ לאנד אינ דער וועלט. „אונדזער פארטיי,—האָט געזאָגט דער כ' ל. מ. קאגאנאָוויטש,—איז געקומענ צו די ארבעטער, צו די פויערים, צום פאָלק ניט פונ דער זייַט, זי איז אויסגעוואקסנ פונ די שיכטנ פונעם פאָלק זעלבסט אונ פריִער פונ אלצ פונ די שיכטנ פונעם סאמע פאָרויסגעשריטענעם קלאס פונ פאָלק—זייַנ אוואנגארד—פונ די שיכטנ פונעם ארבעטער־קלאס".

אונדזער לעניניש־סטאלינישע פארטיי האָט מיט איר אָנפירונג זיכ געשטעלט אינ דער שפּיצ פונעם קער פונעם פאָליטישנ לעבנ פונ לאנד, האָט זיכ געשטעלט אינ דער שפּיצ פונעם גאנצנ פאָלק אינעם פארווירקלעכנ די גרויסע סטאלינישע קאָנסטיטוציע אונ אינעם דורכפירנ די וואלנ אינעם אויבער־ראט פונ פארבאנד ססר.

י. נוסינאָוו

# די סטאַלינישע קאָנסטיטוציע אינ שײַנ פונ דער וועלט־ליטעראַטור *)

(סאָפ)

IV

אָט דעמ סאָד האָט אפּ זײַנ אויפנ אויפגעדעקט באַלזאַק אינ זײַנ „מענטשלעכער קאָמעדיע“. די גאַנצע „מענטשלעכע קאָמעדיע“ איז געווענ איינ באַשטעטיקונג פונ טעזיס, אַז דער גרונט־סאַכאַקל פונ גאַנצנ קאַמפּ פונ פראַנצויזישנ פאָלק, פונ גאַנצנ בלוט, וואָס ס'איז פאַרגאָסנ געוואָרנ פאַר די פופציק יאָר, וואָס זײַנענ פאָרבײַ זינט ס'איז פּראָקלאַמירט געוואָרנ „די דעקלאַראַציע פונ רעכט פונ מענטש אונ בירגער“ — ביז באַלזאַק האָט געשאַפנ זײַנ זעלטענע עפּאָפּייע — איז באַשטאַנענ אינ דעמ, וואָס די ערד־אייגנטימערישע אַריסטאָקראַטיע האָט אָפּגעטראָטנ דעמ פּלאַצ דער געלט־אַריסטאָקראַטיע.

דער ווילנ פונ באַנקיר איז געוואָרנ א געזעצ. די ענציקלאָפּעדיסטנ האָבנ געטרוימט וועגנ דעמ, אַז אַלע פראַנצויזישע בירגער זאָלנ זײַנ גלײַך פאַרנ געזעצ. איצט זײַנענ אַלע גלײַך, נאָר די גלײַכהײַט באַשטייט אינ דעמ, אַז אַלע זײַנענ גלײַך אונטערטעניק דעמ באַנקיר.

נאָר קעדיי קאָנענ הערשנ איבערנ פאָלק — נייטיקט זיך די בורזשואַזיע אינ א גאַנצ קאָמפּליצירטער סיסטעמ פונ פּאַרלאַמענטנ, פונ אינסצענירטע פּאָליטישע „פרײַהייטנ“.

באַלזאַק האָט שוינ אינ זײַנ „שאַגרענ־פעל“ געגעבנ אַנ אויסערסט שאַרפנ פּאַמפלעט אפ אַלע בורזשואַזע „פרײַהײַטנ“.

א יונגער זשורנאַליסט זאָגט דאָרט זײַנ פרײַנט, ווענ ער לאַדט אימ אײַנ אָנטיילנעמענ אינ א נײַ־אָרגאַניזירטער צײַטונג:

„גאַנייוּישע מאַכינאַציעס מיט וואַל־צעטלענ — דאָס איז, מײַנ ליבסטער, איצט דער סאַמע מאָדנער אַרטיקל. די אומפאַרשעמטע מאָנאַרכיע, וואָס איז דורכ דער פאָלק־העלדישקײַט אַראָפּגעשלײַדערט געוואָרנ, איז געווענ א פּרוי פונ שלעכטער אויפירונג, מ'האָט אָבער געקאָנט מיט איר א לאַכ טאָנ אונ א שטיפּ טאָנ. דאָס פאָ־

---

*) זע „שטערנ“ נומ. 10—11.

סערלאַנד איז אַ ווײַב אַ קריגערקע און אַ פּרימאַטשקע.— צי דו ווילסט, צי דו ווילסט ניט, נאָר צו איר מוז מען שטענדיק צוגיין מיט אַ וואַרעם וואָרט. די מאַכט האָט, ווי דיר איז באַוווּסט, אַריבערגעקליבן זיך פון טוליעוו אין אַ זשורנאַליסטיק, פּונקט אַזוי, ווי דער ביוראָשעט האָט זי אַריבערגעפּעקלט אין אַ נײַעם קוואַרטאַל פון סען־זשערמענער פאָרשטאָט אין דעם אַנטען־שאָסע. דו ווייסט אָבער, אָפּאָנעם, נאָך ניט, אַז די רעגירונג, דאָס הייסט, אייגנטלעך, די באַנקיריש־אַדוואָקאַטישע אַריסטאָקראַטיע, וואָס זי שטעלט איצט מיט זיך פאָר דאָס אַזויגערופענע פאָטערלאַנד, ווי די גאַלאָכים האָבן אַמאָל פאַרגעשטעלט מיט זיך די מאָנאַרכיע—אַז אָט די רעגירונג האָט דערפילט אַ באַדערפעניש פירן דאָס גוטע פראַנצויזישע פאָלק פאַר דער נאָז לויט דעם מוסטער, ווי דאָס האָבן געטאָן די פילאָסאָפן פון אַלע שולן און די שטאַרקע מענטשן פון אַלע צײַטן, דאָס מיינט פירן דאָס פאָלק באַ דער נאָז מיט דער הילף פון נײַינקע ווערטער און אַלטינקע אידייען. ס'האַנדלט זיך אין אײַנוואָרצלען אומעטום די גרונט־גענ‍יאַלע נאַציאָנאַלע אידייען, דאָס הייסט, דערווײַזן אונדז אַלעמען, אַז ווען מיר וועלן צאָלן צוויי הונדערט מיליאָן מיט דרײַ און דרײַסיק סאַנטים דעם פאָטערלאַנד, וואָס ווערט פאָרגעשטעלט דורך אָט דעם און דורך אָט יענעם הער, וועלן מיר זײַן גליקלעכער, ווי ווען מיר וועלן צאָלן הונדערט מיליאָן מיט צען סאַנטים דעם קעניג, וואָס פלעגט אָנשטאָט: מיר, זאָגן איך.

קורץ גערעדט, עס האַלט זיך אין אָרגאַניזירן אַ צײַטונג מיטן ציל צו דורכפירן אַזעלכע אָפּאָזיציאָנעלע מיינונגען, וואָס זאָלן באַפרידיקן אומצופרידענע. ווײַל מיר לאַכן זיך אויס פון דער פרײַהײַט, פּונקט ווי פון דעספּאָטיזם, פון רעליגיע, פּונקט ווי פון אַטעיזם,—פאַר אונדז איז דאָס פאָטערלאַנד—קאַפּיטאַל. מ'טוישט דאָרט און מ'פאַרקויפט דאָרט אידייען פאַר אַזויפיל און אַזויפיל פראַנק אַ שורע".

אין זײַן פאָרטראַג וועגן דעם פּראָיעקט פון אונדזער קאָנסטיטוציע, האָט כאַווער סטאַלין געזאָגט, אַז די אינטעליגענץ „האָט פריִער געדינט די רײַכע קלאַסן, ווײַל זי האָט קיין אַנדער אויסוועג ניט געהאַט". זי „האָט געפּרוּווט זיך שטעלן איבער קלאַסן און אינדערעמעסן האָט זי אין דער מערהײַט געדינט די פּריצים און די קאַפּיטאַליסטן".

די זשורנאַליסטן, פּאָעטן, דראַמאַטורגן, אָט די גאַנצע אינטעליגענץ, וואָס באַלזאַק באַווײַזט אין זײַן „מענטשלעכער קאָמעדיע" און באַזונדער אין „דער שאַגרען־פעל", איז אַ זעלטענע באַשטעטיקונג פון אָט די ווערטער פון כאַווער סטאַלין.

פונוואַנען שטאַמט דער ציניזם, וואָס דרינגט אַזוי דורך דעם ציטירטן מאָנאָלאָג פון באַלזאַקס זשורנאַליסט?

— די בעסטע מענטשן צווישן די אויפקלערער האָבן געגלויבט, אַז זיי קעמפן פאַרן זיג פון מענטשלעכן סייכל. זיי האָבן געהאָפט, אַז דאָס בלוט פון רעוואָליוציע ווערט פאַרגאָסן פאַר דער הערשאַפט פון פאָלק. אין שפּיץ פון דער פאָלקס־מאַכט וועלן שטיין פילאָסאָפן, דענקער. די מענטשלעכע געניעס וועלן הערשן און דינען דעם פאָלק. און געטראָפן האָט גאַנץ אַנדערש. דער אינטעלעקט פון פאָלק איז אַ שיק־ייִנגל באַם באַנקיר. די פילאָסאָפן פירן ניט אָן מיט דער מעלוכע, זייער גײַסט דינט ניט אָפּ דערציִען און אויפקלערן דאָס פאָלק. זייער גײַסט דינט באַם באַנקיר און דעם באַנקיר. זיי האָבן גענומען, ווי ס'דריקט זיך אויס דער זשורנאַליסט אין

„שאגרענ־פעל“, א פאָדריאד איבערפארבנ די געזעלשאפטלעכע מיינונג, איבערניצעווענ די אקטיאָרישע קליידער, צוקלאפנ נײַע ברעטער צום רעגירונג־שפּײַכלער, היילנ—דאָקטריניאָרנ... מיט איינ באדינג... מ׳זאָל זיי דערלויבנ אינאָווגט בײַטנ די מיינונג, וואָס האָבנ פארטיידיקט אינדערפרי, אונ פריילעכ פארברענגענ אפ דעמ מאניר פונ פארנורג׳נ, אָדער לויט דער מיזרעכ־געוווינהײַט, ליגנדיק אפ ווייכע קישנס.

דער ציניזמ פונ אָט דער אינטעליגענצ שטאמט דערפונ, וואָס זי דינט דעמ באנקיר, נאָר האגאמ זי האָט פײַנט דעמ באנקיר, באציט זיכ צו אימ מיט טיפער פאראכטונג, דאָכ אָביעקטיוו דינט זי אימ, אָביעקטיוו העלפט זי מיט די אונטערדריקער פונ פאָלק אונ אירע אייגענע גײַסטיקע פארשקלאפער.

V

ווענ באלזאק האָט געהאלטנ אינ שאפנ זײַנ „מענטשלעכע קאָמעדיע“ אונ סטענדאל האָט געשריבנ זײַנ „רויטס אונ ווײַס“ איז אינ אייראָפּע, באזונדערס אינ פראנקרײַכ געווענ ניט ווייניק מענטשנ, וואָס האָבנ געמיינט, אז אלדאָס בייז שטאמט דערפונ, וואָס ס׳הערשט די מאָנארכיע, זאָל זײַנ א קאָנסטיטוציאָנעלע, נאָר פאָרט א מאָנארכיע. אָט ווענ די מאָנארכיע וועט פאלנ אונ ס׳וועט זיגנ די דעמאָקראטישע רעפובליק, ווענ דער רעפובליקאנער פארלאמענט וועט אויסגעוויילט ווערנ אפנ יעסאָד פונ אלגעמיינע וואל־רעכט דורכ דעמ גאנצנ פאָלק,—דאנ וועט שוינ זײַנ א בעמעסע פאָלקס־מאכט, דאנ וועלנ אינ דער רעאלער ווירקלעכקײַט זיגנ די פרינציפּנ פונ פרײַהײַט, גלײַכהײַט, ברידערלעכקײַט.

אזוי האָט געטראכט דער גרויסער הומאניסט וויקטאָר הוגאָ, וואָס האָט אינ מעשעכ פונ קימאט פופציק יאָר געשטריטנ פאר דער רעפובליק.

נאָר די דערפארונג פונ דער גרויסער אמעריקאנער רעפובליק פונ די פארייניקטע שטאטנ, וואָס האָבנ בא זייער שאפנ געוועקט אזעלכע פריידיקע האָפענונגענ אינ אייראָפּע, די דערפארונג פונ דער עלטסטער אייראָפּעיִשער דעמאָקראטיע—דער ענגלישער, לעצטנס, די שוינ איבער זעכציק־יאָריקע דערפארונג פונ דער דריטער רעפובליק אינ פראנקרײַכ,—דאָס אלצ האָט באוויזנ, אז סטענדאלס אונ באלזאקס בילדער האָבנ אײַנגעהיט זייער פולנ ווערט אונ באטײַט אויכ בענעגייע צו אָט דער פאָרמעל מער פולקומער „דעמאָקראטיע“, מיט אירע פאָרמעל מער פולקומע „פרײַהײַטנ“—וואָס ווערנ פונקט אזוי געפעלשט דורכ דעמ קאפיטאליסטישנ הערשער.

אונ געטראָפנ האָט עס דערפאר, ווײַל דעמ סאָד פונ רעוואָליוציע, וואָס האָט אינ 1830 אויסגעזאָגט דער באנקיר לאפיט, ווענ ער האָט געזאָגט, אז „פונ הײַנט אָנ הייבט זיכ אָנ דער קעניגרײַכ פונ די באנקירנ“—האָט זיכ ארויסגעוויזנ פאר דעמ סאָד פונ אלע רעוואָליוציעס. יעדע איינע פונ אלע בורזשואזע רעוואָליוציעס האָט סאָפּקאָלסאָפּ נאָר געבראכט צו דעמ זיג פונ קעניגרײַכ פונ באנקירנ אונ פאבריקאנטנ, פונ קעניגרײַכ פונ גאָלדהאָבער.

די באגרענעצטקײַט אונ פאלשקײַט פונ דער בורזשואזער דעמאָקראטיע האָט שוינ אינ די 50־ער—60־ער יאָרנ פונ XIX יאָרהונדערטס מיט זעלטענער שארפקײַט אופ-

געדעקט אלעקסאנדער הערצן, וואָס האָט לאנג געלעבט אין אויסלאנד און האָט גוט געקענט פראנקרײַך, ענגלאנד, איטאליע, דײַטשלאנד.

קעגנשטעלנדיק די אידעאלן פון די אָנזאָגער פון דער גרויסער פראנצויזישער רעוואָליוציע מיט דעם, וואָס פראנקרײַך האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט נאָך דעם 1848 יאָר, האָט הערצן אין דער צײַט פון דער ווייניקער עקזיסטענץ פון דער צווייטער רעפובליק געשריבן:

„רוסאָ און זײַנע נאָכפאָלגער האָבן זיך פאָרגעשטעלט, אז אויב זייערע אידייען פון ברודערשאפט ווערן ניט פארווירקלעכט, איז עס צוליב מאטעריעלע שטערונגען—דאָרט איז געשמידט דאָס וואָרט, דאָ איז דער טאט ניט פרײַ—און זיי האָבן גאנץ קאָנסעקווענט ארויסגעשטעלט זייער ברוסט קעגן אלץ, וואָס שטערט זייער אידיי. דאָס איז געווען א שרעקלעכע אופגאבע, א גיגאנטישע אופגאבע, נאָר זיי האָבן געזיגט. און ווען זיי האָבן געזיגט, האָבן זיי געטראכט: נו, איצט וועט עס שוין גיין... נאָר איצט האָט מען זיי אוועקגעפירט אפן עשאפאָט. זיי זײַנען געשטאָרבן מיט פולן גלויבן, אז זיי האָט אוועקגעטראָגן די שטורמישע כוואליע און דער מוט פון שלאכט, פון ארבעט, פון פארשיקערונג; נאָר זיי זײַנען געווען איבערצײַגט, אז ווען ס'וועט זיך אומקערן די שטילקײַט, וועט זייער אידעאל פארווירקלעכט ווערן. ער וועט פארווירקלעכט ווערן אָן זיי, נאָר וועט פארווירקלעכט ווערן.

וואָס פארא גליק פאר זיי, וואָס אָט די אלע ענטוזיאסטן ליגן שוין לאנג באגראָבענע. זיי וואָלט אויסגעקומען צו קוקן, ווי זייערע אידעאלן האָבן זיך ניט א רוק געטאָן אפ קיין אייב ווערשאָק, אז זייערע אידעאלן זײַנען געבליבן אידעאלן, אז ס'איז ווייניק צעקלאפט אפ שטיינדעלעך די באסטיליע, אז געפענטעטע זאָלן ווערן פרײַע מענטשן.

איר פארגלײַכט אונדז מיט זיי, פארגעסנדיק, אז מיר וויסן די געשעענישן, וואָס האָבן פאסירט פופציק יאָר נאָך זייער טויט, אז מיר זײַנען געווען איידעס, ווי אלע האָפענונגען פון די שעפערישע גײַסטער זײַנען אויסגעלאכט געוואָרן, ווי די דעמאָנישע סטיכיע פון דער געשיכטע האָט צו שפּאָט געמאכט די וויסנשאפט, דעם געדאנק, די טעאָריע, ווי זי האָט פון דער רעפובליק געמאכט נאפּאָלעאָנען, פון דער רעוואָליוציע פון 1830—א בירזשע־אָפּעראציע. איידעס פון דעם אלץ פאָרגעקומענעם—קאָנען מיר שוין ניט האָבן די האָפענונגען פון אונדזערע פאָרגייער" (א. אי. הערצען. ב. VI, ז. 182, פּאוולענקאָוו אויסגאבע פון 1905 יאָר).

מיט דרײַ יאָר פריִער איידער הערצען האָט געשריבן אָט די גאליקע שורעס, האָט ער אין זײַן צווייטן בריוו פון פאריזש געשריבן דעם דריטן יונ 1847, אז ער אייצעט אורטיילן וועגן דעם, וואָס איז אזוינס די בורזשואזיע און די בורזשואזע געזעלשאפט—ניט לויט דעם, וואָס ס'שרײַבן אירע פײַנט און קריטיקער, נאָר לויט דעם, וואָס ס'שרײַבן וועגן דער בורזשואזיע אירע פרײַנט און אפּאָלאָגעטן. מ'האָט די בורזשואזיע שטודירט ניט לויט זשאָרזש־זאנד ראָמאנען, נאָר לויט סקריבס דראמען:

„זשאָרזש־זאנד שטעלט ארויס די שלעכטע זײַטן פון דער בורזשואזיע. גוטע בורזשוא, ווען זיי לייענען אירע ראָמאנען קריצן זיי מיט די ציין און פארבאָטן זייערע יונגע באלעבאטישע טעכטער נעמען זיי אין די הענט... זשאָרזש־זאנד אין א

זײַט, איך רעקאָמענדיר—א בעסערן קװאל, א פאטענטירטן—סקריבן. סקריב איז דער גאָען, דער שרײַבער פון דער בורזשואזיע. ער האָט זי ליב. זי האָט אים ליב. ער האָט זיך אזױ צוגעפאסט צו אירע באגריפן און אירע געשמאקן, אז ער האָט אלײן אָנגעװאָרן יעדן געשמאק... די בורזשואזיע װײנט אין טעאטער, גערירט פון דער אײגענער לײַטישקײַט, װי סקריב באשרײַבט זי, גערירט פון דער קאָנטאָר-העלדישקײַט און קלײט-פּאָעזיע. זי דערקענט זיך אין זײערע אידעאלן... דערבײַ זײַנען סקריבס העלדן העסלעכער, טעמפער פון אלע זשאָרזש-זאנדס בורזשואזע געשטאלטן.

„די בורזשואזיע האָט ניט קײן גרױסע פארגאנגענהײַט, זי פארמאָגט ניט קײן שום צוקונפט. זי איז געװען גוט—אף אײן מינוט, װי אן אָפלײקענונג, װי אן איבערגאנג, װי א קעגנזאץ. ס'האָט בא איר געקלעקט קראפט אף קאמף און אף זיג. נאָר באהערשן דעם זיג, האָט זי ניט געקאָנט" (ב. 5, ז. 21).

הערצען האָט װײַט ניט געקענט פארשטאנען די טרײַב-קרעפטן פון דער סאָציאַלער אנטװיקלונג. ער האָט ניט דערשפירט דעם װעלט-היסטאָרישן באטײַט פון ארבעטער-קלאס. אים האָט געדוכט, אז די פעלקער פון אײראָפּע זײַנען הױלע באלעבעסלעך. ער האָט שלעכט זיך פאָרגעשטעלט צו װאָס גופע דער קלײנבירגער װעט דורך דער קאָנצענטראציע פון קאפיטאל דערפירט װערן. נאָר דעם טאָך פון אײראָפּעיִשן באלעבעסל, אלס אױסדריקער פון דער בורזשואזער ציװיליזאציע האָט ער זעלטן שארף כאראקטעריזירט:

„דאָס באלעבעסלדיקע איז דאָס לעצטע װאָרט פון ציװיליזאציע, װאָס באזירט זיך אף דער אומבאדינגטער זעלבסטהערשונג פון אײגנטום:

— די דעמאָקראטיזירונג פון דער אריסטאָקראטיע, די אריסטאָקראטיזאציע פון דער דעמאָקראטיע; אין אָט דער סװיװע איז אלמאװיװע גלײַך מיט פיגאראָ. פון אונטן ציט זיך אלץ צום באלעבעסלדיקן, פון אױבן פאלט אלץ צום באלעבעסלדיקן, ניט האָבנדיק קײן אנדער אינהאלט. די אמעריקאנער שטאטן שטעלן מיט זיך פאָר אײן מיטלשטאנד, װאָס פארמאָגט גאָרניט אונטער זיך און גאָרניט איבער זיך, געבליבן זײַנען די באלעבעסלדיקע זיטן. דער דײַטשישער פױער איז א באלעבעסל—אן ערד-ארבעטער, דער ארבעטנדער פון אלע לענדער איז א צוקונפטיקער באלעבעסל. איטאליע, דאָס סאמע פאָעטישע לאנד אין אײראָפּע האָט זיך ניט געקאָנט אײַנהאלטן, האָט גלײַך פארלאָזט איר פאנאטישן און איר פארליבטן מאדזיני, האָט געפעלשט אין איר מאן—דעם הערקולעס גאריבאלדין, װי נאָר דער געװינישער באלעבעסל באװור, דער גראָבינקער, אין די ברילן, האָט איר פאָרגעלײגט װערן בא אים א מױד.

דער באלעבעסל מעקט אָפּ די פערזענלעכקײַט. דער האמױן נײטיקט זיך ניט אין קײן שארפּ אױסגעבילדעטע פערזענלעכקײַטן, אין קײן אָריגינעלע גײַסטער (ב. 5, ז. 357).

אָט די הערצענס כאראקטעריסטיק פון אײראָפּעיִשן באלעבעסל מוזן באזונדערס געדענקען די אלע, װאָס טרײַבן רעכילעס, אז „די מענטשן פון ראטנפארבאנד זײַנען פערזאָנענלאָז, זײערע מײנונגען זײַנען סטאנדארטיזירט".

ליאָן פױכטװאנגער האָט ניט לאנג גאנץ ריכטיק געענטפערט אָט די רעכילעס-טרײַבער, אז „װען מ'קוקט זיך נעענטער צו, װײַזט זיך ארױס, אז אָט דער אזױ

גערופענער „קאָנפאָרמיזמ" באשטייט אייגנטלעכ אינ דרייַ פונקטנ, נעמלעכ: אלע זייַנענ איינ מיינונג אינ דער פראגע וועגנ די גרונט־יעסוידעס פונ קאָמוניזמ; ס'איז אלגעמיינ די ליבע צומ ראטנפארבאנד אונ אלע האלטנ זיכ די מיינונג, אז אינ דער נאָענטסטער צוקונפט וועט דער ראטנפארבאנד ווערנ דאָס סאמע גליקלעכסטע אונ סאמע שטארקסטע לאנד אינ דער וועלט" (ליאָנ פויכטוואנגער „מאָסקווע 1937". ז. ז. 38־37).

ס'איז נאָר צו באוואונדערנ פארוואָס־זשע שרייַבט נאָר דעמלט פויכטוואנגער, אז אינ די ריידערייַענ פונ אונדזערע פייַנט וועגנ דער סטאנדארטארטיקייַט פונ די בירגער פונ אונדזער פארבאנד איז „פאראנ א זוימ עמעס".

די פילמיליאָניקע מאסנ פונ אונדזער פארבאנד זייַנענ פארייניקט מיט איינ ווילנ, מיט איינע שטרעבונגענ, נאָר די איינהייַט פונ קלוגנ ווילנ, די איינהייַט פונ העלדישע שטרעבונגענ פונ א גיגאנטישנ קאָלעקטיוו האָט גאָר קיינ געמיינזאמעס ניט מיט קיינ שאבלאָנ פונ דעמ ניוועלירטנ באלעבעסלדיקנ האמוינ, וואָס איז דורכ אונ דורכ שאבלאָנ, טראפארעט, סטאנדארט אינ אלע זייַנע ארויסזאָגונגענ, האסאָגעס, געווינ־הייַטנ, באגערנ.

די ריזיקע פלאסטנ נייַע אינטעליגענצ, וואָס זייַנענ אויסגעוואָקסנ פאר די צוואנ־ציק יאָר רעוואָליוציע, די אומגעהויערע צאָל טאלאנטנ אפ אלע געביטנ פונ קולטור, קונסט, ווירטשאפטלעכער אונ מעלוכישער טעטיקייַט, דער איבעראשנדער וווקס פונ קולטור פונ ארבעט, וואָס איז פאר מיליאָנענ געוואָרנ א זאכ פונ רומ אונ ערע — דאָס אלצ רעדט וועגנ אומענדלעכנ וווקס פונ פערזענלעכקייַט בא אונדז אינ פאר־באנד, וועגנ דער אומגעהויערער פארשיידנארטיקייַט אונ פילפארביקייַט פונ אנט־פלעקונג פונ דער פערזענלעכקייַט בא אונדז אינ פארבאנד.

פארקערט, דאָס וואָס הערצענ האָט מיט 80 יאָר צוריק געשריבנ וועגנ דעמ מייַרעוו־באלעבעסל, אלס „לייַכטנ וואָרט פונ דער ציוויליזאציע, וואָס באזירט זיכ אפ דער אומבאדינגטער זעלבסטהערשונג פונ אייגנטומ" — האָט ניט נאָר אייַנגעהיט די פולע קראפט. דאָס איז ווייניק צו זאָגנ. די פאשיסטיש־קאפיטאליסטישע ווירק־לעכקייַט האָט בארעכטיקט הערצענס ערגסטע אונ טרויעריקסטע פאָרויסזאָגונגענ.

הערצענ האָט זיכ געקלאָגט, אז „דאָס באלעבעסלטומ מעקט אָפּ די פערזענלעכ־קייַט". ער האָט אָבער דערבייַ געפונענ א שטיקל טרייסט, וואָס אָט די „סטאנדאר־טיזירטע לייַט זייַנענ זאטער". דער הייַנטצייַטיקער קאפיטאליזמ וואָלט שוינ אָפּגע־נומענ בא הערצענענ אויכ אָט די טרייסט. די קאפיטאליסטישע אייראָפּע, וואָס פאר־מאָגט א שטענדיקע ארמיי פונ 12־10 מיליאָנ ארבעטלאָזע אונ ביפראט די פאשיסטישע דייַטשלאנד, וואָס פרווט יאָרנווייַז זעטיקנ דאָס פאָלק מיט געווער אָנשטאָט ברויט, האָט שוינ לאנג פארגעסנ, וואָס הייסט א זאטער מאסנ־מענטש.

אונ כוץ דעמ, דער דייַטשישער אָדער איטאליענישער קליינבירגער פונ הער־צענס צייַטנ, וואָס אפ זייַנ טעמפער באגרענעצטקייַט האָט הערצענ אזוי געקלאָגט, איז דאָכ געווענ א פארביקע, אייגנארטיקע פערזענלעכקייַט, אנ אָריגינעלער שעפע־רישער גייַסט אינ פארגלייַכ מיט דעמ אָ איצטיקנ היטלערישנ שטורמיסט, אָדער מיט א מוסאָליניש־שווארצהעמדלדיקנ.

VI

די צווייטע רעפּובליק אין פראנקרײַך האָט, ווי באוווסט, ניט לאנג עקזיסטירט. זי איז אומגעקומען און אַפ איר אָרט איז אנטשטאנען די צווייטע אימפעריע פון „קליינטשיקן באָנאפארט", ווי וויקטאָר הוגאָ האָט אין זײַן בארימטן פאמפלעט גאליק אָנגערופן—לואי באָנאפארט. לואי באָנאפארטס זיג איז געווען איינע פון די סיבעס פון הערצענס פעסימיזם, פון זײַן טיפער אנטוישונג אין דער בורזשואזער דעמאָקראטיע. צו דער דריטער רעפּובליק אין פראנקרײַך האָט הערצען ניט דערלעבט, נאָר דער זיג פון דער דריטער רעפּובליק האָט בארעכטיקט אלע הערצענס ערגסטע פאָרויסזאָגונגען.

הערצען האָט איבערגעלעבט די יונער טעג אין פאריז אין 1848 י. האָט געזען, ווי די בורזשואזיע איז זיך טאליאָניש באגאנגען מיט דעם ארבעטער־קלאס. ווענדנדיק זיך צו די צארישע טאליאָנים פון זײַן צײַט, האָט הערצען געשריבן:

„— נו, וואָס וועט איר זאָגן, ליבער פירשט ראדעצקי און ליכטיקסטער גראף פאסקעוויטש־ערוואנסקי? איר טויגט דאָך ניט פאר קיין באהעלפער קאוועניאקן! מעטערניך און אלע איבעריקע מיטגלידער פון דער דריטער אָפטיילונג פון דער אייגענער קאנצעליאריע (אזוי האָט געהייסן די צארישע אָכראנקע ביים ניקאָלײַ דעם 1־טן. י. נ.). זײַנען דאָך שטילינקע קינדער אין פארגלײַך מיט דער פארזאמלונג צעביידזערטע קליינטניקעס... 17־16 יינגלעך האָבן זיך בארימט מיטן בלוט פון זייער ברודער, וואָס האָט פארטריקנט אַפ זייערע הענט. מעשטשאנעטשקעס זײַנען ארויסגעשפּרונגען פון די קלייטן און האָבן פארוואָרפן זיי מיט בלומען, געגריסט די זיגער. קאוועניאק האָט ארומגעפירט מיט זיך עפּעס אן אויסוורף, וואָס האָט געטויט צענדליקער פראנצויזן. די בורזשואזיע האָט טריומפירט. און די הײַזער פון פאָרשטאָט פון הייליקן אנטאָניא האָבן זיך נאָך גערויכערט, ס'האָבן זיך געשאָטן די ווענט—צעקלאפטע מיט קוילן, די צעעפנטע אינגעווייד פון די צימערן האָבן ארויסגעשטעלט די שטיינערנע וווּנדן; דאָס צעבראָכענע מעבל האָט זיך גערויכערט, ס'האָבן געשווינדלט שטיקלעך צעקלאפטע שפיגל... און וווּ זײַנען די באלעבאטים, די אײַנוווינער? וועגן זיי האָט קיינער ניט געטראכט... ערטערווײַז האָט מען באשאָטן מיט זאמד, נאָר דאָס בלוט איז דאָך ארויסגעטראָטן"...

דער קרעמער האָט זיך אזוי אכזאָריעסדיק אָפגערעכנט מיטן ארבעטער־קלאס, ניט געקוקט דערויף, וואָס אינדערשפּיץ פון לאנד איז געשטאנען א פארלאמענט, ארויסגעוויילט דורך אלגעמיינע וואל־רעכט:

„הארגענען איז אין אָט די שרעקלעכע טעג געוואָרן א פליכט. א מענטש, וואָס האָט ניט באנעצט זײַנע הענט אין פּראָלעטאריש בלוט, איז געווען אין די אויגן פון באלעבעסל—א פארדעכטיקער" (הערצען. ב. 6, ז. ז. 196־197).

נאָר וואָס וואָלט הערצען זאָגן, ווען אים וואָלט אויסגעקומען צוקוקן די צעשיסונגען פון די קאָמונארן. אים וואָלט דאָך אויסגעקומען איבעראדרעסירן קאוועניאקן זײַן ווענדונג צו די צארישע טאליאָנים ראדעצקי און פאסקעוויטש־עריוואנסקי. ער וואָלט מוזן אנערקענען, אז קאוועניאק טויג ניט פאר קיין באהעלפער טיערן און אז קאוועניאקס סאָלדאטן—זײַנע „שטילע קינדער" אין פארגלײַך מיט טיערס טאל־

יאָנים. דאָס איז וויכטיק צו פארשטיין, ווײַל פונקט ווי קאווענייאקס פאָגראָם איבער דעם ארבעטער־קלאס אין יונ 1848 האָט זי צוגעגרייט לואי נאפאָלעאָנס זיג איבער דער צווייטער רעפובליק, אקוראט אזוי האָט טיערס צעשיסנ די קאָמונארנ באשטימט דעם כאראקטער פונ דער דריטער רעפובליק.

מיט וואָס פארא גאל אונ סארקאזם, וואָלט שוינ הערצענ אויסקומענ צו ריידנ וועגנ די פארלאמענט־אדוואָקאטנ פונ דער דריטער רעפובליק.

נאָר דעמ עמעס וועגנ טאָכ פונ די „דעמאָקראטישע פרײַהײַטנ“ פונ פארלאמענטאריזם אינדערצײַט פונ דער דריטער רעפובליק, האָבנ געזאָגט די בעסטע פאָרשטייער פונ דער פראנצויזישער ליטעראטור אינדערצײַט פאר די לעצטע 60 יאָר, אָנהייבנדיק פונ מאָפאסאנענ אונ זאָליא אונ ענדיקנדיק מיט אנאטאָל פראנס אונ ראָמענ ראָלאנ.

הונדערט יאָר איז אוועק פונ דעמ פאלנ פונ באסטיליע ביז דער פארפעסטיקונג פונ דער דריטער רעפובליק. דעמ סאכאקל פונ אָט דעמ הונדערטיאָריקנ קאמפ פאר „דעמאָקראטיע“ אונ „דעמאָקראטישע פרײַהײַטנ“ האָט זעלטנ באוויזנ מאָפאסאנ אינ זײַנ ראָמאנ „דער ליבער פרײַנט“.

אינ די שלאכטנ פונ 1789—1793 האָט פראנקרײַכ א סאָפ געמאכט צו דער אלטער פעאָדאלער צענזור, וואָס האָט געשטיקט יעדער לעבעדיק וואָרט. ס'איז אופגעקומענ א פרײַע פרעסע. נאָר אָט וואָס ס'איז געשענ פאר די הונדערט יאָר מיט אָט דער „פרײַער פרעסע“!? אָנשטאָט דעמ בארימטנ „פרײַנט פונ פאָלק“, וואָס האָט זיכ פאר קיינעמ ניט געשראָקנ אונ געפירט דרייסט אונ שטאָלצ זײַנ רעוואָליוציאָנערנ קאמפ, אָנשטאָט דער רעוואָליוציאָנערער פרעסע, וואָס אפ אירע שפאלטנ זײַנענ פארעפנטלעכט געוואָרנ מאָראטס לעגענדאר־געוואָרענע פאמפלעטנ פארנעמט דעמ אויבנאָנ אינ דער פראנצויזישער פרעסע די צײַטונג פונ באנקיר וואלטער, וואָס מיט איר נוצנ זיכ אזעלכע פארשוינענ ווי דער געוועזענער אונטער־אָפיצער דיורוא—א פאסיקער קאנדידאט.פאר א העלד פונ א גאסנ־ראָמאנ, וועלכער ווערט א פאָרנעמסטע פיגור פונ פראנקרײַכ, דער „ליבער פרײַנט“ פונ פאריזשער סאלאָנענ.

פונ 1789 האָט פראנקרײַכ דורכגעמאכט פיר רעוואָליוציעס, וואָס אפ זייערע פאָנענ איז געווענ די פאָדערונג:

— „די רעגירונג מוז זײַנ פאראנטוואָרטלעכ פאר די „פאָלקס־אויסדערוויילטע“.

די דריטע רעפובליק האָט פאָרמעל פארווירקלעכט אָט דעמ לאָזונג: די רעגירונג גיט אָנ אינ דעמיסיע, אויב זי באקומט ניט קיינ מערהײַט אינ פארלאמענט, זאָל איר דערבײַ צו איר מערהײַט פעלנ אפילע בלויז איינ שטימ.

האָט זיכ אָבער ארויסגעוויזנ, אז די שטימ, וואָס אינ איר נייטיקט זיכ א דעפוטאט, קעדיי צו ווערנ א מיניסטער—דאָס איז די שטימ פונ באנקיר. אָט ווײַזט אונדז מאָפאסאנ דעמ דעפוטאט לאראָש־מאטיע:

— „דאָס איז געווענ איינער פונ יענע פאָליטיקער, וואָס האָבנ ניט קיינ באשטימטע פיזיאָנאָמיע, ניט קיינ איבערצײַגונגענ, ניט קיינ באזונדערע פײַיקײַטנ, ניט קיינ דרייסטקײַט אונ ניט קיינ ערנסטע קענטעניש. ער איז געווענ א פראָווינציעלער אדוואָקאט, מ'האָט אימ געהאלטנ פאר א שיינעמ מאנספערזאָנ אונ לאווירנדיק צווישנ פארשיידענע פארטייענ האָט ער קונציק געוווסט ווי אײַנצוהיטנ דעמ

גלײַכגעוויכט. דאָס איז א פּאָרשטייער פון רעפּובליקאנישן יעזואיטיזם, א ליבערא־לער שוים פון צווייפלהאפטן מין. ער איז געווען איינער פון די הויפּט־אקציאָנערן באם באנקיר וואלטער, א שוטעף צו זײַנע פארשיידענע פינאנס־געשעפטן און ער האָט געהאָפט צו באקומען דעם פּאָרטפעל פון אויסערן־מיניסטער, אפ וועלכן ער האָט זיך שוין לאנג אָנגעצילט". און ער האָט זיך ניט אָפּגענארט אין זײַנע האָפע־נונגען. דעם באנקירס פארינטערעסירטקײַט איז געווען גענוג דערויף, אז אָט דער נישטיקער פּראָווינציעלער אדוואָקאט זאָל אוועקגעשטעלט ווערן אינדערשפּיץ פון דער פראנצויזישער אויסערן־פּאָליטיק. אפ ווערן א מיניסטער דארף מען „בא רעפּוב־ליקאנישע לײַטן" די פּרעסע זאָל שטיצן, אזוי פירט זיך. העלפט אין דעם מיט לא־ראש־מאטיען, דער זשורנאליסט דיורוא, ער טוט עס, ווײַל לאראש־מאטיע, וואָס לעבט מיט דעם זשורנאליסטס ווײַב, אז ווען ער וועט ווערן מיניסטער—באקומט דיורוא אן אָרדען פון „הערן־לעגיאָן". דאָס געשעפט איז געמאכט. דער דעפּוטאט לאראש־מאטיע ווערט מיניסטער. דער זשורנאליסט דיורוא באקומט אן אָרדען. מער דארף אים שוין ניט דיורוא. פארקערט, לאראש־מאטיע שטערט אים אין זײַנע ווײַ־טערדיקע פּלענער. שלײַדערט ער אים אראָפּ... דאָס ווערט געטאָן זייער פּאָשעט.

דיורוא קומט איינמאָל ארײַן צו דעם רעדאקטאָר באנקיר וואלטער אין קאבי־נעט און מעלדעט:

„איך האָב ערשט אראָפּגעוואָרפן דעם אויסערן־מיניסטער. דער אלטער איז גע־זײַן איבעראשט. ער האָט געמיינט, אז זײַן מיטארבעטער איז שיכּור. ער האָט אויסגעברומט: וואָס־וואָס עפּעס רעדט איר ניט צו דער זאך.

— איך האָב ערשט געפּאקט דעם הער לאראש־מאטיע מיט מײַן פרוי. דער פּאָליציי־קאָמיסאר האָט געמאכט א פּראָטאָקאָל און מיטן מיניסטער איז געענדיקט. איך וועל אפילע באלד אָנשרײַבן וועגן דעם אין כראָניק. היט זיך אלע, ווער ס'וועט זיך מיר שטעלן אין וועג. איך וועל עס קיינמאָל ניט פארגעבן:

דער אלטער וואלטער האָט געקוקט אפ אים מיט ברייט צעעפנטע אויגן און זיך געטראכט: „יאָ, יאָ, ער וועט ווײַט גיין אָט דער שווינדלער". אָט ווי עס פאבריצירן זיך רעגירונגען „פאראנטוואָרטלעכע פאר די פאָלקס־אויסדערוויילטע"; ווי עס פאלן אָט די רעגירונגען ווען זיי ווערן אָן דעם צוטרוי פון... אזעלכע פארשוינען, ווי דער שמוציקער זשורנאליסט דיורוא.

דיורוא טרײַבט דורך צוואמען מיטן מיניסטער זײַן פרוי, וואָס האָט אים גע־שטערט כאסענע האָבן פארן באנקירס טאָכטער. ער ווערט דעם באנקירס אן איי־דעם און דער הויפּט־רעדאקטאָר פון צײַטונג.

„די כאסענע פון הויפּט־רעדאקטאָר פון אָט דער צײַטונג איז געווען דאָס, וואָס מען רופט אָן־עמעסע געשעעניש אין פאריזשער לעבן. פאָרגעקומען איז עס אין איינעם פון די לויטערע הארבסט־טעג.

זשאָרזש דיורוא איז געשטאנען אין קלויסטער אפ די קני לעם זײַן קאלע. ער איז געווען פארשיקערט פון שטאָלץ. ער האָט געפילט הינטער זײַנע פּלייצעס די אויסדערוויילטע מענגע, וואָס האָט זיך צוליב אים פארזאמלט דאָ. ער איז געוואָרן איינער פון די, וואָס הערשן איבער דער וועלט.

— ווען די צערעמאָניע האָט זיך געענדיקט, איז ער אופגעשטאנען און דער־

לאנגט דער פרוי די האנט. ער איז געגאנגענ לאנגזאמ, רויִק, מיט א הויכ אופגעהויבענעמ קאָפּ. אינדערווײַטנס אפ דעמ פלאצ האָט ער דערזענ די דעפּוטאטנ־פּאלאטע. אונ אימ האָט זיכ געדוכט, אז אָט טוט ער א שפּרונג פונ די טרעפּ פונ קלויסטער אפנ גאנעק פונ בורבאָנענ־הויפּ".

דער אונטער־אָפּיצער דיורוא—„א העלד פונ גאסנ־ראָמאנענ"—וואָס ווערט, אדאנק א ריי שמוציקע שלאָפּ־צימערנ־געשיכטעס, א פּרעטענדענט אפ מאכט אינ דער דריטער רעפּובליק.—אָט איז דער טראגישער סימבאָל פונ שרעקלעכנ וועג, וואָס ס'האָט דורכגעמאכט די בורזשואזע דעמאָקראטיע.

אָט די דערפארונג האָט שפּעטער געצווּנגענ אנאטאָל פראנסנ געבנ אינ זײַנע ווערק „דער הער בערזשערע אינ פּאריזש", „די מאלאָכימ־אופשטאנדנ", ווי אינ א ריי אנדערע ווערק אנ אויסשליסלעכ שארפע אונ פארניכטנדע סאטירע אפ דער בורזשואזער דעמאָקראטיע אונ בורזשואזנ פּארלאמענטאריזמ. אָט די דערפארונג האָט געשטויסנ אנאטאָל פראנסנ ער זאָל הייסנ זײַנ אבאט דזשעראָמ קואניאר קומענ צו אזא אויספיר, אז אָנטיילנעמענ אינ רעוואָליוציע—הייסט פארברענגענ צײַט אפ אנ אויסערסט לײַכטזיניקנ אונ פוסטנ אופנ. ווײַל „ראדיקאל בײַטנ די מעלוכע־אָרדענונג באטײַט אינ לעצטנ סאכאקל בלויז בײַטנ מענטשנ, אונ מענטשנ זײַנענ אלע איינע אונ די זעלבע, אלע גלײַכ מיטלמעסיק סײַ ווענ זיי טוענ גוטס, סײַ ווענ זיי טוענ שלעכטס".

אנאטאָל פראנס איז צוגעקומענ צו א מינ פאטאליזמ. דער מענטש אזא ווי ער איז וועט ער בלײַבנ אונ וועט קיינמאָל ניט ווערנ ניט ערגער אונ ניט בעסער. נאָר אָט די פאטאליסטישע פילאָזאָפיע האָט אויסגעדריקט א געוויסע קאפּיטוליאציע פאר דער דערפארונג פונ די בורזשואזע רעוואָליוציעס, וואָס האָבנ אלע געבראכט צומ זיג פונ אייגנטומ.

אנאטאָל פראנס האָט עס זייער בולעט אויסגעדריקט אינ זײַנ קלאסישנ פּאמפלעט „דער פינגווינענ אינזל", ווו ער האָט די גאנצע געשיכטע פונ דער בורזשואזער דעמאָקראטיע פארגליכנ מיטנ גורל פונ נארישע קליינטשינקע פינגווינענ.

אינ דעמ בוכ ווערט דערציילט, אז ווענ „די זיידעס פונ די פינגווינענ האָבנ פארכאפּט אונ אָפּגעצוימט ערד־כאלאָקימ" האָט זיי דער הייליקער מאָנאכ באלאש מיט גרויס ליבע אונ קריסטלעכער אונטערטעניקײַט געגעבנ צו פארשטײנ דעמ גאנצנ פאָלק, אז „ווענ מענ פאלט אָנ אפ די הערשנדע פינגווינער רײַסט מענ אונטער אייגנטומ אינ זײַנ יעסאָד אונ אינ פּרינציפּ. באארבעטנ ערד—איז איינ זאכ אונ הערשנ איבער דער ערד—איז א צווייטע זאכ. אונ אָט די צוויי זאכנ דארפ מענ ניט טוישנ צווישנ זיכ. ווײַל דאָס רעכט פארכאפּנ—איז דאָס איינציקע רעכט, וואָס איז ווערט מע זאָל עס הערנ. אָט דאָס רעכט אנטשטייט אונ לעבט אדאנק קראפט. ס'איז הייליק, ווײַל ס'טרעט אָפּ דאָס אָרט בלויז א שטארקערע קראפט. דערומ איז גערעכט די אנערקענונג, אז דער, ווער סע הערשט, דער איז הערלעכ"—דערנאָכ האָט ער אופגעהויבנ זײַנ שטימ אונ געזאָגט צומ הייליקנ זאָקנ מאסליו:

„הייליקער פּאָטער, בענטש גראטיוק, דער הערשנדער צווישנ די פינגווינער, ווײַל יעדער מאכט איז פונ גאָט".

— „אָט דער געבאָט פונ מאָנאַכ באַלאַש—פאַרענדיקט אַנאַטאָל פראַנס—איז פאַרבליבנ אַפ אַלע צייַטנ פונ דער הויכער ציוויליזאַציע. באַלאַש איז אַפ שטענדיק פאַרבליבנ דער פּאָטער פונ בירגער־רעכט פונ פּינגווינ־יע".

נאַטירלעכ, אַז אַנאַטאָל פראַנס איז ניט גערעכט, ווענ ער מיינט, אַז מענטשנ וועלנ אַפ אייביק בלייַבנ אומפאַרענדערט אינ זייערע גוטע אונ אינ זייערע שלעכטע מידעס. עס האַנדלט זיכ דאָ אינ דעם, וואָס אַלע בורזשואַזע רעוואָליוציעס האָבנ ניט אָפּגעשאַפנ דעם מאָנאַכ באַלאַשס געבאָט, אַז „דאָס רעכט פונ פאַרכאַפּנ איז דאָס איינציקע רעכט, וואָס איז ווערט באַהערשט צו ווערנ" אונ אַז אַלע בורזשואַזע רעוואָליוציעס—האָבנ זיכ ניט געשטעלט אונטערייַסנ „אייגנטום אינ זייַנ יעסאָד אונ אינ פּרינציפּ".

אונ דאָס היטנ אייגנטום—האָט געבראַכט צו אַלע צאָרעס אונ קרענק פונ דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע אונ בורזשואַזנ פּאַרלאַמענטאַריזם.

שוינ פונ אונדזער רעוואָליוציע פונ 1905 יאָר האָט אַנאַטאָל פראַנס פאַרשטאַנענ—אַז דער גרויסער וועלט־היסטאָרישער זינ פונ רעוואָליוציאָנערנ קאַמפּ פונ רוסישנ פאָלק באַשטייט ניט אינ פאַרבייַטנ איינ פאָרם פונ מענטשלעכער אונטערדריקונג מיט אַ צווייטער, איינ פאָרם פונ אייגנטום מיט אַ צווייטער—נאָר אינ פאַרניכטנ אייגנטום, אינ פאַרניכטנ יעדע מינ אונטערדריקונג. ער האָט דאַנ געשריבנ:

„אונדזערע טאַטעס האָבנ אינ 1785 יאָר געלערנט אייראָפּע ווי צו מאַכנ אַ בורזשואַזע רעוואָ־ליוציע, איצט לערנענ די רוסישע אַרבעטער אונדז, וויאַזוי צו מאַכנ אַ סאָציאַליסטישע רעוואָליוציע".

די פעלקער פונ אונדזער פאַרבאַנד האָבנ געמאַכט די סאָציאַליסטישע רעוואָליוציע. זיי האָבנ אויסגעקעמפט די סאָציאַליסטישע סטאַלינישע דעמאָקראַטיע. לערנענ זיי איצט די פעלקער פונ גאָרער וועלט ווי אַ סאָפּ צו מאַכנ צו אָט דעם „יאַריד אַפ פלאַצ", אינ וועלכנ ס'איז לויט ראָמענ ראָלאַנס אויסדריק—פאַרוואַנדלט געוואָרנ די בורזשואַזע דעמאָקראַטיע אינ דעם בורזשואַזנ פּאַרלאַמענטאַריזם.

## VII

די סטאַלינישע קאָנסטיטוציע, אונדזער וואַל־סיסטעם, אונדזער וואַל־קאַמפּאַניע, די מעטאָדנ פונ אַרויסרוקנ אונ באַהאַנדלענ קאַנדידאַטורנ פונ דעפּוטאַטנ אינעם אויבער־ראַט, דער וואַל־בלאָק פונ די קאָמוניסטנ אונ אומפּאַרטייִשע—די פאַראַנטוואָרט־לעכקייַט פונ יעדנ דעפּוטאַט אינ יעדער מינוט פאַר די וויילער, ווענג וואָס ס'האָט אַזוי גלענצנד גערעדט דער כאַווער סטאַלינ אינ זייַנ רעדע פאַר די וויילער—אינ דעם אַלצ אַנטפּלעקט זיכ דער טיפסטער פּרינציפּיעלער אונטערשייד צווישנ דער סטאַלינישער סאָציאַליסטישער דעמאָקראַטיע, דער דעמאָקראַטיע פונ אַרבעטנדיקע אונ דער פּאַרלאַמענטאַרישער דעמאָקראַטיע אינ די קאַפּיטאַליסטישע לענדער.

אַפ זיכ בוילעט פאַרשטעלנ אָט דעם אונטערשייד וועט ווייַטער אַ מאָל זייער באַלערנד זייַנ דערמאָנענ זיכ, וואָס דערציילנ די קלאַסיקער פונ וועלט־ליטעראַטור ווענג דער פּראַקטיק פונ די וואַל־קאַמפּאַניעס, פונ די באַציִונגענ צווישנ די „וויילער" אונ „אויסדערוויילטע" אינ די קאַפּיטאַליסטישע לענדער.

אָט איז די עלטסטע אייראָפעישע דעמאָקראטיע, מיט אירע אלטע פארטייענ טאָרי אונ וויגי, קאָנסערוואטאָרנ אונ ליבעראלנ. דעמ וואל־קאמפ פונ אָט די פארטייענ האָט געמאָלט טשארלז דיקענס אינ זײַנ „קסאָווימ פונ פיקווינער קלוב".

מיסטער פיקוויק נעמט אָנטייל אינ די וואלנ אינ וויטענ־סועל, ווו ס׳קומט פאָר דער קאמפ צווישנ די צוויי פארטייענ. בא דיקענסנ הייסנ זיי—די געלע אונ די בלויע: „ווו די געלע אונ די בלויע זאָלנ זיכ ניט געווענ טרעפנ—אפ אנ עפנטלעכער פארזאמלונג, אינ זאל פונ שטאָטראט, אפנ מארק, אפנ יאריד—האָבנ געקלונגענ אינ דער לופט קריגערײַענ אונ שטארקע ווערטלעכ. ס׳איז איבעריק צו זאָגנ, אז צוליב דעמ איז אינ וויטענסועל יעדער פראגע געוואָרנ א פארטייִשע. אויב די געלע האָבנ פאָרגעלייגט מאכנ א נײַעמ גלעזערנעמ דאכ איבערנ מארק, האָבנ די בלויע צונויפגערופנ מיטינגענ אונ דורכגעוואָרפנ אָט דעמ פאָרשלאג; אויב די בלויע האָבנ פאָרגעלייגט דורכפירנ א וואסערלייטונג אפ דער הויפט שטאָט־גאס, זײַנענ די געלע אלע ווי איינער ארויסגעטראָטנ, ווי קעגנ א ווילדנ אײַנפאל".

מיט אזא מינ „טיפ פרינציפיעלנ" שטרײַט איז אלעמאָל געווענ פארנומענ אויכ די פרעסע פונ בײדע פארטייענ. זיי האָבנ ארויסגעגעבנ צוויי צײַטונגענ: „די אינטענסואולער צײַטונג" אונ „דער אינטענסואולער אומאָפהענגיקער". „די ערשטע האָט פארטיידיקט די פרינציפנ פונ די בלויע, די צווייטע איז אלעמאָל ארויסגעגאנגענ פונ די פרינציפנ פונ די געלע, דאָס זײַנענ געווענ אויסגעצייכנטע צײַטונגענ. וואָס פארא לייטאַרטיקלענ, וואָס פארא פײַערדיקע פאָלעמיק! „אונדזער אומווערדיקער קאָלעגע—„די גאזעט" „דאָס שענדלעכע אונ שווינדלערישע בלעטל" „דער אומאָפהענגיקער".

דיקענס גיט ווײַטער א בילד פונ די זידלערײַענ, פונ די צײַטונגענ, פונ די רעכילעסנ וואָס זיי טרײַבנ איינס אפנ צווייטנ. ער מאָלט די טעמפקײַט אונ באגרענעצטקײַט פונ די קאנדידאטנ פונ בײדע פארטייענ, פונ נארישער זעלבסטצופרידנקײַט פונ די רעדאקטאָרנ פונ די פארטיי־צײַטונגענ.

עס וואָלט געווענ א טאָעס צו מיינענ אז דאָס, וואָס דיקענס שרײַבט אינ די „קסאָווימ פונ פיקווינער קלוב" איז בלויז א קאריקאטור אפ דער אָפגעשטאנענקײַט אונ פארדאָרבנקײַט פונ עפעס א פארוואָרפענער פראָווינצ.

ניינ,—אָט די בילדער האָבנ א גאנצ אלגעמיינעמ באדײַט. ס׳איז גענוג צו דערמאָנענ זיכ מארק טוועינס בארימטע דערציילונג „ווי מ׳האָט מיכ געקליבנ פאר א גובערנאטאָר"—קעדיי צו זענ דעמ אלגעמיינעמ באדײַט אונ זינ פונ דיקענסעס סאטירע.

מארק טוועינ באווײַזט, ווי מענ באנוצט זיכ אינ א צווייטער דעמאָקראטיע—אינ דער אמעריקאנער—מיט סאמע אומפארשעמטע ליגנערײַ אונ רעכילעס־טרײַבערײַ, קעדיי באשווינדלענ די ווילער. יעדער וואל־קאמפאניע אינ אמעריקע, אינ אייראָפע—איז דאָכ א פאבריק פונ שווינדל אונ אָפנארערײַ, א לאבאראטאָריע, ווו מענ פאבריצירט באצילנ, וואָס דארפנ אָנשטעקנ די געזעלשאפט מיט טיפשעס אונ טעמפקײַט אונ דארפנ יעדנ ווײלער פארוואנדלענ אינ א געהאָרכזאמ באשעפעניש, וואָס פאָלגט נאָכ אלצ, וואָס דער פארטיי־ביוראָקראט זאָגט אימ ארײַנ.

# VIII

דיקענס און סטענדאַל, מאַרק טווען און אַנאַטאָל פראַנס זאָגן, אַז „פרײַהײַט" פון וואַל־אַגיטאַציע, „פרײַהײַט" פון פּאַרטײ־קאַמפּ—איז „פרײַהײַט" פון באַשווינדלען דאָס פאָלק.

דאָס אָנטפּלעקט דיקענס באַזונדערס בולעט—ווען ער באַווײַזט אונדז די באַציִונגען פון דעפּוטאַט מיט די וויילער נאָך די וואַלן.

אין איינעם פון זײַנע הויפּט־ווערק „דאָס לעבן און די פּאַסירונגען פון ניקאָלײַ ניקאָלקי"—דערציילט דיקענס ווי ניקאָלײַ ניקאָלקי קומט איינמאָל אויס בײַזײַן, ווען דער דעפּוטאַט גריגסבאַרי נעמט אויף אַ דעלעגאַציע פון זײַנע וויילער: „מיסטער גריגסבאַרי איז געווען אַ דיקער, ברייט־פּלייציקער מאַנספּערזאָן—מיט אַ גרויסן קאָפּ, האָט געהאַט אַ פעסטע שטים און מאַנירן פון יופּיטערן, איז פייִק געווען שיטן אָן אויפהער מיט קיין גאָר ניט זאָגנדיקע פראַזן—מיט איין וואָרט, ער האָט פאַרמאָגט אַלע יענע אייגנשאַפטן וואָס זײַנען נייטיק, כּדי צו זײַן אַ מיטגליד פון ענגלישן פּאַרלאַמענט".

די געקומענע דעלעגאַציע דריקט אויס גריגסבאַרי די אומצופרידנקײַט פון די וויילער מיט זײַן טעטיקײַט. גריגסבאַרי איז איבעראַשט:

„אין מײַן אויפירונג האָבן מיר זיך אַלע גערעכנט מיט די עמעסע רעאַלע אינטערעסן פון אונדזער גרויס גאָט געבענטשט לאַנד".

ער פאַרשיט די דעלעגאַציע מיט אַ יאַם פראַזן און פאַרענדיקט אַזוי:

„איך לייג צונויף מיט פאָרכט די הענט, ווענד מײַנע אויגן צום הימל וואָס איז פאַרשפּרייט איבער מײַן קאָפּ און רוף אויס: איך דאַנק דיר גאָט וואָס איך בין אַן ענגלענדער". אַ מיטגליד פון דער דעלעגאַציע רײַסט איבער גריגסבאַרי:

„דאָס איז שווינדל".

גריגסבאַרי פאַלט בא זיך ניט אַראָפּ, ער ענטפערט מיט קאַלטער פרומקײַט:

„איך ווייס ניט וואָס באַדײַט דאָס וואָרט שווינדל. אויב דאָס דאַרף באַדײַטן, אַז איך דריק זיך אויס צו הייס, אַז איך באַנוץ עפּשער היפּערבאָלעס, ליבנדיק מײַן פאָטערלאַנד, דאַן אַנערקען איך אָט די באַמערקונג פאַר ריכטיק. יאָ, איך בין שטאָלץ מיט אָט דעם גליקלעכן פרײַען לאַנד. מײַן ברוסט עטעמט ברייטער, מײַנע אויגן שטראַלן, מײַן בלוט זידט, מײַן האַרץ ציטערט, מײַן נעשאָמע פלאַמט אויף, ווען איך גיב אַ טראַכט וועגן דער גרויסקײַט און דעם רום פון גרויס־בריטאַניע".

אָט די פראַזן באַפרידיקן דאָך ניט די דעלעגאַציע. זי פאָדערט גריגסבאַרי זאָל אָנגעבן אין דעמיסיע, ווײַל ער האָט ניט אויסגעפילט קיין איינע פון די היסכײַוועסן, וואָס ער האָט אָפּ זיך גענומען פאַר די וויילער. פּעגסטיל, דער עלטסטער פון דער דעלעגאַציע זאָגט אים—„מע האָט מיך באַפולמעכטיקט, סער, אויסדריקן די האָפענונג, אַז לויט דער ביטע פון גרעסטער מערהײַט פון אירע וויילער וועט איר זיך ניט אָפּזאָגן אָפּטרעטן דעם פּלאַץ אין פּאַרלאַמענט אַ צווייטן קאַנדידאַט, וואָס מען האַלט, אַז ער פאַרדינט יע דעם צוטרוי".

„ניט אַרויסווײַזנדיק קיינע סימאָנים פון פאַרלאָרנקײַט האָט מיסטער גריגסבאַרי איבערגעלייענט פאָלגנדיקן ענטפער, וואָס ער האָט אים שוין אַפריִער געהאַט צוגעגרייט,

פאָרױס פילנדיק מיט װאָס פארא ביטע די דעלעגאציע װעט זיכ צו אים װענדנ. פונ אָט דעם ענטפער, װאָס איז צונױפגעשטעלט געװאָרנ אינ דער פאָרם פונ א בריװ—האָט ער נאָר אראָפגענומענ עטלעכע קאָפיעס—אפ צו שיקנ זײ אינ רעדאקציע פונ די צײַטונגענ:

ליבער פעגסטיל.

נאָר דעם גליק פונ אונדזער געליבטנ אינדזל, פונ אָט דעם גרױסנ לאנד פונ גליק אונ פרײַהײַט, פונ אָט דער מעכטיקער מעלוכע, װאָס פארמאָגט לױט מײַנ אופריכטיקסטער איבערצײַגונג אָנאױסשעפלעכע מאטעריעלע אונ גײַסטיקע רײַכטימער, איז פאר מיר מער פונ אלצ טײַער—די הערלעכע אומאָפהענגיקײַט, װאָס אינ איר באשטײט דער גרעסטער שטאָלצ פונ דעם ענגלענדער. זי האָפ איכ איבערצוגעבנ ניט באשמוצט מײַנע קינדער. קלאל ניט קײנ פערזענלעכע מאָטיװנ, נאָר פארקערט, הױכע אונ װיכטיקע קאָנסטיטוציאָנעלע קאָרבאָנעס, װאָס אופקלערנ זײ קאָנ איכ ניט, װײַל ס'זײַנענ זײ ניט מעסוגל צו פארשטײנ די, װאָס האָבנ ניט באגריפנ די טיפע קאָמפליצירטע געהײמניסנ פונ פאָליטיק,—צװינגענ מיכ אײַנהאלטנ פאר זיכ דאָס אָרט פונ א מיטגליד פונ פארלאמענט, װאָס שיצנ זיכ מיט אים בינ איכ ניט געװױגנט. איכ האָפ, אז איר װעט מיר טאָנ די ערע איבערגעבנ מײַנ אכטונג צו די װײלער אונ מעלדנ זײ מײַנ באשלוס.

מיט טיפער אכטונג ליבער פעגסטיל—
פארבלײַב איכ אײַערער א. א. װ.

אינ זײַנ רעדע פאר די װײלער פונ סטאלינישנ װאל־קרײַז אינ מאָסקװע האָט דער כאװער סטאלינ געזאָגט:

... „אױב נעמענ די קאפיטאליסטישע לענדער, עקזיסטירנ דאָרטנ צװישנ די דעפוטאטנ אונ װײלער אײניקע אײגנארטיקע, איכ װאָלט געזאָגט, גאנצ מאָדנע באציִונגענ. קאָלזמאנ עס גײענ די װאלנ, מאכנ די דעפוטאטנ כײנדלעכ די װײלער, כאנפענענ זײ, שװערנ טרײַהײַט, געבנ א בארג אלערלײ צוזאָגנ. עס קומט אױס, אז די דעפוטאטנ זײַנענ פולשטענדיק אָפהענגיק פונ די װײלער. װי נאָר די װאלנ זײַנענ פאָרגעקומענ, אונ די קאנדידאטנ זײַנענ פארװאנדלט געװאָרנ אינ דעפוטאטנ—בײַטנ זיכ די באציִונגענ אינ גרונט, אָנשטאָט דעם די דעפוטאטנ זאָלנ זײַנ אָפהענגיק פונ די װײלער, באקומט זיכ זײער פולשטענדיקע אומאָפהענגיקײַט אינ מעשעכ פונ 4 אָדער 5 יאָר, ד. ה. ביז צו די נײַע װאלנ פילט זיכ דער דעפוטאט אינגאנצנ פרײַ, אומאָפהענגיק פונ פאָלק, פונ זײַנע װײלער. ער קענ אריבערגײנ פונ אײנ לאגער אינעם צװײטנ, ער קאָנ אָפקערנ פונ ריכטיקנ װעג אפ א ניט ריכטיקנ, ער קאָנ זיכ פארפלאָנטערנ אינ פארשײדענע קאָמבינאציעס פונ ניט גאָר קײנ פאסיקנ כאראקטער, ער קאָנ זיכ דרײענ װי אימ געפעלט—ער איז אומאָפהענגיק".

אָט די פארניכטנדע כאראקטעריסטיק פונ די באציִונגענ צװישנ בורזשואזע דעפוטאטנ מיט זײערע װײלער פונ די קאפיטאליסטישע לענדער, װאָס כאװער סטאלינ האָט געגעבנ אינ זײַנ רעדע—איז די פאראלגעמײנערונג פונ דער פראקטיק פונ אלע בורזשואזע גריגסבאריס, װאָס דער ענגלישער שרײַבער דיקענס האָט באשריבנ אינ זײַנ ראָמאנ „דאָס לעבנ אונ די פאסירונגענ פונ ניקאָלײַ ניקאָלבי". קעגנ אָט

דער פרומאקישער צוויִעס, קאלטנ אונ אומדערטרעכטיקנ שווינדל פונ א מיטגליד פונ עלטסטנ אינ אייראָפּע בורזשואזנ פארלאמענט—זײַנענ אלע צוויִאקעס פונ טארטיופנ ביז יודושקא גאָלאָוולעוו, אָדער ביז מענדעלעס שטאָט־פארזאָרגער, בעעמעסע נאַיווע כיידער־יינגלעכ.

ניקאָלײַ ניקאָלקי איז ארײַנגעגאנגענ צומ דעפוטאט גריגסבארי זיכ אָנדינגענ צו אימ פאר א סעקרעטאר. ווענ די דעלעגאציע איז אוועקגעגאנגענ—דערקלערט מיסטער גריגסבארי ניקאָלײַ ניקאָלקינ, אינ וואָס וועלנ באשטיינ זײַנע סעקרעטאר־פליכטנ:

„מײַנ סעקרעטאר דארפ איכ אָנשטאָפּנ".

— אנטשולדיקט, ווי האָט איר געהאט די האָזע זיכ אויסדריקנ—האָט ניקאָלײַ איבערגעפרעגט.

— אָנשטאָפּנ—כאזוערט איבער מיסמער גריגסבארי—דעמ איבעראשטנ ניקאָלײַ—אונ גרינגסבארי גיט צו פארשטיינ וואָס הייסט עס, „אָנשטאָפּנ" א דעפוטאט.

„מענ דארפ יעדנ טאָג דורכקוקנ די צײַטונג־כראָניק, אָפּשטעלנדיק זיכ אפ נאָטיצנ וואָס דערציילנ וועגנ דעמ, אז ס'איז אפ א געהיימניספולנ אויפנ פארפאלנ געוואָרנ, אָדער אז מע קלײַבט זיכ הארגענענ א לערנ־יינגל, אָדער אפ אנדערע ענלעכע נאָטיצנ, וואָס איכ זאָל קאָנענ וועגנ זיי ארײַנטראָגנ א נאָכפראגע דעמ אינערנמיניסטער. נאָכדעמ דארפ מײַנ סעקרעטאר איבערשרײַבנ אָט די אָנפראגע, אויסדערציילנ דעמ מיניסטערס ענטפער, נאטירלעכ צוגעבנ א קליינטשיקנ לויב־געזאנג מײַנ אומאָפּהענגיקײַט אונ מײַנ גלײַכנ סייכל אונ אָפּשיקנ אָט דעמ מאנוסקריפּט אינ איינע פונ די אָרטיקע צײַטונגענ, צוגעבנדיק פונ זיכ א מינ פּאָרעדע אינ עטלעכע שורעס, אז איכ בינ אינ פארלאמענט אפנ פלאצ, אז איכ פארגעס ניט וועגנ דער שווערער פאראנטוואָרטלעכקײַט וואָס ליגט אפ מיר אונ ארבעט אומדערמידלעכ אונ א. וו. איצט זעט איר אינ וואָס עס האנדלט זיכ".

עס האנדלט זיכ אינ מאכנ רעקלאמענ דעמ דעפוטאט, אינ פארנעמענ דעמ פארלאמענט מיט קלייניקײַטנ אונ מיט זיי פארשטעלנ די וויכטיקסטע סאָציִאלע פראָבלעמענ, וואָס שטייט פארנ פאָלק.

„ווײַל—זאָגט מיסטער גריגסבארי—די הויפּט־אופגאבע, וואָס איכ טאָר קיינמאָל ניט ארויסלאָזנ פונ אויג באשטייט אינ ניט דערלאָזנ די נידעריקע קלאסנ זיי זאָלנ זיכ דערהויבנ אינ זייער וויל־טאָג צו אונדז—וואָרעמ וואָס וועט דאנ ווערנ פונ אונדזערע פריווילעגיעס".

די הויפּט־אופגאבע פונ א בורזשואזנ דעפוטאט באשטייט אינ אײַנהיטנ די פריווילעגיעס פונ די רײַכע. זעט טאקע די בורזשואזיע זיכ באזאָרגנ מיט דעפוטאטנ אינ פארלאמענט וואָס זאָלנ טויגנ אפ אויספילנ אָט די אופגאבע.

דאָ איז באזונדערס באלערנד דער פארגלײַכ צווישנ דעמ וועג פונ אונדזערע קאנדידאטנ אינ אויבער־ראט, אונ ווער זײַנענ די קאנדידאטנ פונ די בורזשואזע פארטייענ אינ די פארלאמענטנ פונ די קאפּיטאליסטישע לענדער. לאָמיר זיכ פאָרשטעלנ א טיפּישע ביִאָגראפיע פונ אונדזערע קאנדידאטנ. ווּעמענ האָט מענ אפ אונדזערע פארזאמלונגענ ארויסגעשטעלט פאר א קאנדידאט, אונ וועמענ האָט דאָס לאנד אויסגעוויילט?

— אונטער א דעפוטאט איז געוויינלעכ א מענטש, וואָס זײַנ לעבנ איז פּאָ־

ריבער אינ אונטערערדישער רעוואָליוציאָנערער ארבעט, אינ צארישע טורמעס, אפ פראָנטנ פונ בירגער־קריג, אינ בויונג פונ סאָציאַליזמ, אונ אינ קאמפ מיט פאָלקס־פײַנט. אונדזערע דעפוטאטנ זײַנענ—די פירער פונ פאָלק אונ פונ פארטיי, די העלדנ פונ ארבעט אונ קאמפ, די העלדנ אונ מײַסטערס פונ וויסנשאפט אונ קונסט.

אונ וואָס שטעלט מיט זיכ פאָר א טיפּישע ביאָגראפיע פונ א בורזשואזנ טוער, וואָס זײַנ פארטיי שטעלט אימ ארויס פאר א קאנדידאט אינ פארלאמענט?

— דאָס איז א פאָרעצ אָדער א רײַכער הויז־באזיצער, א באנקיר אָדער פאברי־קאנט, א דירעקטאָר פונ א טרעסט אָדער פונ א קאָנצערנ. דאָס זײַנענ די רײַכבאַ־צאָלטע באדינער אונ באשיצער פונ קאפיטאל, דאָס איז דער אונדז שוינ באקאנטער פונ מאָפּאסאנס ראָמאנ—העלד פונ גאסנ־ראָמאנ דיורוא, וואָס ווענ ער איז געקומענ קיינ פאריזש האָט ער זיכ געקליבנ ווערנ אנ אלפאָנס בא גאסנ־פרויענ, נאָר ס'האָט אימ אָפּגעגליקט אונ ער איז געוואָרנ אנ אלפאָנס בא דער פראנצויזישער בורזשואזיע, „א ליבער פרײַנט“ פונ דער בורזשואזער דעמאָקראטיע.

מאָפּאסאנס „ליבער פרײַנט“ באנוצט זיכ מיט אלצ, קעדיי מאכנ זײַנ קאריער. אפילע אינטימע פאמיליענ־אָנגעלעגנהײַטנ זײַנענ פאר אימ אליינ גלײַכ א מיטל פאר זײַנע שווינדלערישע אפערעס. ער פאלסיפיצירט צוליב דעמ אפילע דעמ אויסלייג פונ זײַנ פאמיליענ־נאָמענ. יעדער אופגעקומענער שימעלע סאָראָקער גארט אויסזענ ווי די פײַנס, יעדער אופגעקומענער פראנצויזישער בורזשוא, האָט אינ זיכ שטיק פונ מאָליערס „בורזשוא אריסטאָקראט“, אונ גארט אויסזענ ווי אנ אריסטאָקראט. צוליב דעמ מאכט „דער ליבער פרײַנט“ איבער זײַנ פאמיליע אונ אָנשטאָט דיורוא שרײַבט ער זיכ אפ אנ אריסטאָקראטישנ אופנ דיר־רוא.

די לעבעדיקע געשיכטע פונ פראנקרײַכ האָט ארײַנגעטראָגנ א פארפינקטלעכונג אינ דער טראנסקריפּציע פונ דעמ פאמיליענ־נאָמענ פונ אָט דעמ „העלד פונ בולווארנ־ראָמאנ“, וואָס פרעטענדירט אפ מאכט אינ פראנקרײַכ. אינ דער לעבעדיקער פראנ־צויזישער איצטיקער פאָליטישערווירקלעכקײַט, הייסט אָט דער העלד פונ גאסנ־ראָ־מאנ ניט—דיר־רוא,—נאָר דאָריאָ.

דער טראָצקיסטישער רענעגאט, דער היטלערישער אגענט פונ פראנקרײַכ דאָריאָ איז די אייגנטלעכע פארקערפערונג פונ אָט יענעמ מײַסטערהאפטנ מאָפּאסאנס פארשויג.

די פאלסיפיקאציע פונ דעמאָקראטיע, וואָס די בורזשואזע „ליבע פרײַנט“ האָבנ אינ מעשעכ פונ צענדליקער יאָרנ פראקטיקירט, אויסגעכאָוועט אזעלכע פארשוינענ ווי דאָריאָ, ווי דע־ליא־ראָק, ווי די אלע איבעריקע פרעטענדענטנ צו ווערנ פראנצוי־זישע גענעראלנ פראנקאָ. קעגנ די היטלערישע „ליבע פרײַנט“ אינ פראנקרײַכ, קעגנ דעמ היטלער־מוסאָליני שוידער אינ גאָרער אייראָפּע, פאר דער אופלעבונג פונ עמעסער דעמאָקראטיע, פונ עמעסער פאָלקהערשאפט קעמפנ איצט אינ גאנצ אייראָפּע דער איינהײַטלעכער פאָלקס־פראָנט אינדערשפּיצ מיט די קאָמוניסטישע פארטייענ.

די פרײַנט פונ דעמאָקראטיע אינ אייראָפּע האָבנ זיכ איצטער צו דערמאָנענ נאָכאמאָל הערצענס ווערטער געווענדעטע צו די רוסישע צארישע טאליאָנים. ווײַל אינ פארגלײַכ מיט די היטלעריש־מוסאָלינישע הענקער פונ דײַטשישנ אונ איטאליע־נישנ פאָלק, אינ פארגלײַכ מיט די יאפּאָנישע הענקער אינ כינע אונ מיט די הענ־קער פונ גענעראל פראנקאָ אינ שפּאניע, זײַנענ אלע צארישע מוראוויאָווס אונ

פאסקעוויטש־עריוואנסקעס, אלע פריַערדיקע הענקער פונ אייראָפּעיִשער דעמאָקראטיע אונ טאליאָנעו פונ ארבעטער־קלאס—אלע קאוועניאקס אונ טיערס ווייכהארציקע קינדער.

אונ אופלעבנדיק די בעסטע טראדיציעס פונ דער מײַרעוו־דעמאָקראטיע, ווענ זי האָט העלדיש געשטריטנ קעגנ אירע פעאָדאלע אונטערדריקער, קעמפט דער איינהײַט־לעכער פראָנט קעגנ פאשיסטישער טיראניע.

די פארטיידיקונג פונ דער מײַרעוו־דעמאָקראטיע—איז דערום—„די זאכ פונ דער גאנצער פראָגרעסיווער מענטשהײַט".

די העלדישע פארטיידיקער פונ פאָלקס־פראָנט אינ זייער קאמפ קעגנ פאשיסטישער טיראניע באגײַסטערט דער זיג פונ דער סטאלינישער סאָציאַליסטישער דעמאָקראטיע. מיר האָבנ געבראכט הערצענס ווערטער, ווענ צוזעענדיק די צעפוילונג פונ דער בורזשואזער דעמאָקראטיע האָט ער אויסגעשריִענ:

„וואָס פארא גליק, וואָס די ענטוזיאסטנ פונ דער רעוואָליוציע ליגנ שוינ לאנג באגראָבנ".

הערצענ האָט דערבײַ מיט טיפנ צאר צוגעגעבנ:

„איידעס פונ דעמ אלצ, וואָס איז פאָרגעקומענ, האָבנ מיר שוינ ניט די האָפענונגענ וואָס עס האָבנ פארמאָגט אונדזערע פאָרגייער".

— אָט די טרויעריקע הערצענס פאָרויסזאָגונגענ האָבנ זיכ ניט בארעכטיקט, עס האָבנ זיכ, פארקערט, בארעכטיקט די גרעסטע האָפענונגענ פונ די „ענטוזיאסטנ פונ רעוואָליוציע".

די סטאלינישע קאָנסטיטוציע איז „א דאָקומענט וואָס זאָגט איידעס, אז דאָס, וועגנ וואָס עס האָבנ געטרוימט אונ עס טרוימענ נאָכ מיליאָנענ ערלעכע מענטשנ אינ די קאפיטאליסטישע לענדער, איז שוינ פארווירקלעכט אינ פססר".

דאָס איז „א דאָקומענט וואָס זאָגט איידעס, אז דאָס, וואָס עס איז פארווירקלעכט אינ פססר, קאָנ פולשטענדיק פארווירקלעכט ווערנ אויכ אינ די אנדערע לענדער".

ה. בעריאָזקינ

# ביבליאָגראפיע

(וועגנ ראָכל בוימוואָלס לידער).

דאָס ביכל לידער פונ דער יונגער דיכטערנ ראָכל בוימוואָל צייכנט זיכ אויס מיט א באשטימטנ ניוואָ פונ אלגעמיינער דיכטערישער קולטור. דאָס אליינ איז שוינ גענוג, קעדיי אויסטיילנ אָט דאָס ביכל פונ א גאנצער ריי לידער־זאמלונגענ פונ אונגענוג דזער יוגנטלעכער פאָעזיע. עס זיַינענ פאראנ אינ ביכל א ריי איַינדרוקפולע, געלונגענע אונ אינטערעסאנטע לידער, צ. ב., די ליד „אפ א דעמאָנסטראציע”,—א מאָמענטאל־פארצייכנטע גאסנ־סצענע, וועלכע פרעטענדירט ניט אפ וועלכנ ניט איז טיפערנ מיינ, אָבער אינ וועלכנ עס איז פאראנ אי מענטשלעכע ווארעמקיַיט, אי, קוידעמקאָל, א שארפ אויג פונ דער דיכטערנ, וואָס קענ בויענ א ליד אפ לעבעדיקע דעטאלנ פונ דער טאָגטעגלעכקיַיט. שטעלט איַיכ פאָר: ס'איז א דעמאָנסטראציע אינ גאס, די זונ פאליעט אומראכמאָנעסדיק אונ ס'איז גוואלדיק גרויס דער דורשט. האָט א באָכער געשיקט פונ א פענצטער פונ דריטנ שטאָק א צעהוידעטנ עמער מיט וואסער אונ —

„האָט א מיידל געשעפט פונעם עמער,
באגעגנט דעמ באָכערס א בליק.
עפעס זאָגנ—איז הויכ, אונ קיינ בליַיער ניטאָ צו דער האנט —
איז דער עמער געקומענ ארופ מיט א שטיקעלע רויטנ געוואנט...”

דאָס איז אלצ אונ עס פאָדערט זיכ לאכלוטנ ניט קיינ באזונדער אויסטיַיטשונג פונ אָט דעמ עפיזאָד. ער רעדט אליינ פאר זיכ.

צו די געלונגענסטע לידער אינ ביכל געהערט אויכ די שטימונגפולע „הארבסט־ליד”—א דיכטערישע פארצייכענונג פונ הארבסט, ווענ „עפעס ענדיקט זיכ אונ עפעס הייבט זיכ אָנ”. אינ אָט דער ליד זיַינענ פאראנ פיַינע מאָלערישע דעטאלנ.

דער שפעטער אייבס—דער קאוונ—טרעט שוינ אָפ,
בלויז וור־ניט־ווו א שאָלעכצ, ווי א שערבל פונ א טאָפ.
אפילע בא די הענער איז אנ אָסיענדיקער קריי,
ווי פולע קאמבעס קאוונ־קערנער טראָגנ וואָלטנ זיי.

מע דארף אויך אָנצייכענען, אשטייגער, אזא מין ליד ווי „אנא רעדעל”, ווו עס ווערט מיט דער הילף פון א גאנצע ריי ריין־פלאסטישע מיטלען איבערגעגעבן דער שווינדל פון באוועגונגען פון א טענצערן, און ניט געקוקט אפ אזוינע פארדריסלעכע שפראך־נאכלעסיקייטן, ווי „נאָר פלוצים דורך רייען אדורך אין א ציטער פון איר גוואלדיקן (?) קראפט אינעם קערפער־געוויטער”, דארף די דאָזיקע ליד פארעכנט ווערן צו די בעסערע אין זאמלונג.

מע דארף אויך אויסטיילן אזוינע לידער, ווי „אין נעכט אין ווינטיקע”, „וואקס און וואקס”, „וויגליד” און אנד. אפן ביישפיל פון אָט די לידער איז צו זען, אז ראָכל בוימוואָל איז געוויס א דיכטערן מיט שעפערישע מעגלעכקייטן.

אָבער סאָפקאָלסאָפ, איז שוין לאנג צייט צו פאָדערן, אז אין יעטווידן, זאָל זיין אפילע דעביוט־ביכל פון אונדזערן א דיכטער, זאָל זיך אנטהאלטן ניט נאָר א מעכאניש־אונטערגעפירטער סאכאקל פון אזויפיל און אזויפיל צייט שרייבן „דרוקפייקע”, אָדער „קולטורעלע” (און צייטנווייז דאָס אויך ניט) לידער, נאָר אויך עפעס א נייע, א פרישע, א ניט געוועזענע ביז אהער קוואליטעט. פון אונדזער דיכטערישער יוגנט קענען מיר עס פאָדערן. סאקע פון אָט דעם שטאנדפונקט האָבן מיר צו בוימוואָלס ביכל לידער טיינעס. דאָס זיינען לידער אָן א טעמע, אָן איין צענטראלן דיכטערישן געדאנק, וואָס זאָל צעמענטירן און פארייניקן צווישן זיך די דאָזיקע לידער. מיר קענען זיך ניט באגוגענען מיט דעם, וואָס אין ביכל פילט זיך אי דיכטערישע געשולטקייט, אי א באשטימטער ניוואָ פון פּאָעטישער טעכניק. דער גערעכטער פארלאנג צו זען אין אונדזער יוגנטלעכער דיכטונג אומיטלבארן מענטשלעכן געפיל, הויכן בירגערלעכן אָטעם פונעם נייעם מענטשן פון סאָציאַליזם, פארטיפטקייט פון געדאנק רופט בא אונדז ארויס א געוויסע ניט באפרידיקונג מיט ראָכל בוימוואָלס ביכל לידער.

א יונגע דיכטערן, וועלכע איז געבוירן, לויט איר אייגענער דערקלערונג, „אין יאָר פון גרויס נעקאָמע”, „אפן מיטן וועג” קיין רעוואָליוציאָנערן פיטער, א יונגער מענטש, וואָס איז פולשטענדיק אויסגעכאָוועט געוואָרן אין אונדזערע סאָוועטישע באדינגונגען, גיט דאָך ווייניק איבער אין איר באוווסטזיניקער שעפערישער טעמיקייט די געזעלשאפטלעכע צילאָנגעווענדטקייט פון בירגערלעכן געפיל.

אין ראָכל בוימוואָלס ביכל זיינען פאראן לידער, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר א בלאסע אָפשפיגלונג פון דעם, וואָס עס קומט פאָר אין אונדזער לעבן. אפ זיי ליגט א שטעמפל פון אינערלעכער קאלטקייט. ס'איז גענוג צו דורכלייענען אזעלכע לידער, ווי „טשעליוסקינ” אָדער „דרייען” (אפן אומקום פון סטראטאָסטאט), קעדיי אין דעם זיך איבערצייגן.

אין טאָג פון צוזאמענפאָר העלדיש באגייסטערט
אין לופט זיך געהויבן די דרייען די דרייסטע.
דעם טאָג פון צוזאמענפאָר האָבן באגעגנט
מיט ראדיאָגראמעס פון ליכטיקע וועגן,
פון מיילן פון ווייטסטע...

אָדער:

און דער מענטש, וואָס א באָרד הילט זיין פּאָנעם —
אָטאָ שמידט איז זיין טייערער נאָמען.

זײַנ אָטריאד איז סאכאקל בלויז הונדערט,
אָבער אויסגעפרוּווט יעדערנ באזונדער
אינ בויונג, געראנגל אונ קריגנ.
צי דענ מיט אזוינע ניט זיגנ?
— זיגנ!

אזעלכע לידער זײַנענ אָרעמ לויט זייער געפיל אונ דיכטערישע אויסדרוק־מיט־לענ. אזעלכע לידער פארמאָגנ א קליינעמ זינלעכנ אונ עמאָציאָנעלנ אָנלאָד. איר האָט אינ אזעלכע לידער „גלײַכגילטיקע" עפיטעטנ, ווי אשטייגער: „העלדישע וואגנ" אונ נאָכאמאָל „העלדישע געוואגטע", אונ „העלדיש־באגײַסטערטע", „דרײַענ דרייסטע", „ליכטיקע וועגנ", „רומפולע הענט", „ברוינער סטודענט" א. א. וו. ווענ מע לאָדט איבער א ליד מיט אזוינע באשטימונגענ אונ עפיטעטנ, ווערט אומעגלעכ צו נאָכ־שפירנ נאָכ איר. אזוינע לידער פארמאָגנ ניט קיינ עמאָציאָנעלנ הינטערגרונט, קיינ אינערלעכ־פארשטײַפטע ענערגיע, וואָס ברענגט ארויס א ווירקלעכ וואָגיקנ דיכטע־רישנ וואָרט פונ „ארטיזאנישער מענטשלעכער טיפ" (מאיאקאָווסקי).

עס איז פארדריסלעכ, וואָס אינ די בעסערע לידער פונ ראָכל בוימוואָל קומט אויכ ווענ עס איז צומ אויסדרוק אזא אָנגעטראכט בילד, ווי „ס'איז דיר שווער א קער טאָנ דײַנ צונג צווישנ גומענס שווײַגנדיקע פלאסטנ". אזעלכע וויכטיקע טעמעס פונ גרויסער געזעלשאפטלעכער באדײַטונג, ווי „טשעליוסקינ", „בירגער־קריג", איז דער יונגער דיכטערנ ניט געלונגענ. מיר טרעפנ דאָ א טרוקנ־ראציאָנא־ליסטישנ צוגאנג צו דער טעמע:

איכ וויל הײַנט דעמ דענקער, דעמ בויער באגריסנ,
וואָס גרײַפט אָנ אפ וועלטנ אונ דורשט צו דערוויסנ.
אונ ס'ציט אימ אינ הויכנ, אונ ס'ציט אימ אינ יאמענ,
זײַנ העלדישנ וואגנ דער טויט קענ בלויז צאמענ.
איכ וויל הײַנט דעמ דענקער באגריסנ.

דער אָדעארטיקער פאפאָס פונ אזוינע שורעס איז אָנגעצויגנ.

אייניקע לידער זײַנענ געשאפנ אפ שמאָל־פערזענלעכע געשעענישנ, וואָס פאר־מאָגנ ניט קיינ פאראלגעמיינערונג. אשטייגער, די ליד, אינ וועלכער די דיכטערנ דאנקט אָפ דעמ מאשיניסט פונ צוג דערפאר, וואָס ער האָט פארבראכט באמ רודער א שלאָפלאָזע נאכט אונ געבראכט זי אזוי ארומ בעשאָלעמ אהיימ, האָט באדארפט פארטיפערט אונ דערהויבנ ווערנ.

ראָכל בוימוואָל האָט די טעווע צו אָנגעבנ פאָשעטע, וואָכעדיקע זאכנ אנ אומנא־טירלעכע באלײַכטונג. באשרײַבנדיק א בלאָנדע מיידל—א קאָמיוגיסטקע מיט א ביקס, נוצט אויס בוימוואָל די געלעגנהײַט צו פארפירנ עפעס א פארשפעטיקטע ליטערא־רישע דיסקוסיע מיט פארצײַטיקע ליריקער אונ אפילע מיט... בײַראָנס קאָרטאר.

ס'וועט אײַכ, ליריקער, פארדריסנ:
בלאָנד אונ פולווער—ניט קיינ פאָר.

אינ ראָכל בוימוואָלס בעסערע לידער איז אָנגעצייכנט איר אייגענער גאנג צו אופריכטיקער אָרגאנישער ליריק, וואָס דארפ אפנ סאמע נאטירלעכסטנ אופנ זײַנ פארבונדנ מיט דער סאָציאַליסטישער ווירקלעכקײַט.

# אינהאלט-פארצייכעניש פון זשורנאל „שטערן“ פארן יאר 1937

## פּאָעזיע, בעלעטריסטיק

# פּאָליטישע אַרטיקלען, פּובליציסטיק, קריטיק און ביבליאָגראַפיע.



רעדקאָלעגיע.

דרוקערײַ א. נ. סטאלין. באשט. 3038, גלאוויטבעל 4012.

# З М Е С Т

פרײַז 1 ר. 50 ק.

# ШТЭРН
# (ЗОРКА)

Літаратурна-мастацкі
і палітычна-навуковы
часопіс

ВЫДАННЕ
## „Окцябр“
Менск, Рэволюц. вул., 2.